# עדעלשטאדט׳ס
# שריפטען

א זאמלונג פון אלע זיינע פּאָעטישע שריפטען
אין פּאָעזיע און פּראָזאַ.



היברו פּאבלישינג קאמפּאני
83־85 קאנאל סטריט, ניו יאָרק.
1911

„און דיזע ווערטער וועלען ווערען
„א דאננער פלוך וואס וועט זיך הערען
„אין יעדעס הערץ, אין יעדער ברוסט.....

„אויף, וויא לייבען נאך דעם שלאף
„מענשען, מענער, אויף צום רוף!
„טרייסעלט אפ דיא שווערע קייטען
„לאזט זיך ניט מעהר פון הערשער טרעטען
„פרייהייט איז דאס ענדע ציעל
„זיי זיינען ווייניג—איהר זייט פיעל".

פ. ב. שעללי.

# אינהאלט פערצייכנים

## פּאָעזיע :

## פּראָזא :





# צום אנדענקען

פון

# דוד עדעלשטאט.

(געשריבען אין דעם טאג פון זיין טוידט.)

זיסע זון, פערבאָרג זיך איצטער,
וויקעל איין דיין שטראַהלענפראכט
אין אַ ברייטער, ברייטער כמאַרע
שווארץ און פינסטער, ווי די נאכט...

כ'וויל דיין שיינען יעצט ניט זעהן
ווען פערפינסטערט איז מיין הערץ,
ווען איהר יעדער, יעדער ווינקעל
איז געפיהלט מיט זעלען־שמערץ.

זאָל פערציהען זיך דער הימעל
מיט אַ וואָלקען רונד און רום,
כ'וויל נאָר איצטער טרויער טרעפען —
טרעפען טרויער אומעטום.

אויף די בוימער זאָלען פויגעל
זיצען טרויעריג און שטום,
צו דער ערד זאָל זיפצענד בויגען
זיך אין פעלד די שעהנע בלום.

וואו איך וועל זיך קעהרען, ווענדען
זאָל איך טרעפען טרויער היינט,
זאָל נאַטור מיר העלפען קלאָגען
אויף אַ וואהרען מענשענפריינד...

* *
*

דאָרטען, אין אַן אָרעמער שטיבעל
ליגט פערגליווערט אויפ'ן בעט
— יעצט די לייכע פון אַ קעמפפער
פון אַן אַרבייטער פּאָעט.

נאָך די פיעלע, פיעלע ליידען
אין זיין קורצער לעבענסצייט,
נאָך די זאָרגען, נאָך די צרות
האָט דער טויט איהם יעצט בעפרייט.

קאַלט און שטום, און איינגעפראָרען
— שטעהט זיין הערץ אין זיין ברוסט
יענע הערץ, וואָס האָט געשלאָגען
און געגליהט מיט פרייהייט־לוסט...

יענע הערץ, וואָס האָט בעדויערט
אַלע אָרעמע, שוואַכע קנעכט,
וועלכע האָבען ניט קיין פרייהייט
— און קיין ביסעל מענשען־רעכט

יענע הערץ, וואָס האָט געשאָלטען
ווייט און בּרייט דאָס קאַפּיטאַל,
וועלכע האָט די ערד פערוואַנדעלט
אין אַ פינסטערען יאָמערטהאַל;

יענע הערץ, נאָר אַך, וואָס רייד איך!
פיעל צו שוואַך איז נאָך מיין פּען
אָבּצומאָהלען אַזאַ מוסטער,
ווי זיין הערץ איז וואַהר געווען.

צוגעקוקט האָט ער די פעהלער
פון דער שלעכטער פאַלשער וועלט,
און מיט ליעבּע צו דעם שוואַכען
האָט ער זיך אין קאַמפּף געשטעלט.

אויפגעאָפּפערט האָט ער אַלעס,
פאַר זיין הייליגען פּרינציפּ,
און די וואַהרע מענשענלעהרע
איז געפלאָסען פון זיין ליפּ.

אויפגעאָפּפערט האָט ער אַלעס
זיך, זיין גאַנצע הויז־געזינד —
רוהיג זיצען פון דער וויטען
איז געווען בּיי איהם אַ זינד...

ניט געקוקט אויף פערגעניגען

  האָט ער אין דער שלעכטער צייט,

פערגעניגען האָט געהייסען,

  פאָרטצוזעטצען נאָך דעם שטרייט.

ווען פערפראָרען זיינען געוועזען

  גראָב מיט אייז אין שטוב די ווענד,

דאמאָלס האָט די מענשענליעבע

  אין זיין הארצען שטארק געברענט.

שפּעט ביינאַכט — ניט אויסגעשלאָפען

  דאָרשטיג, הונגעריג און מיעד

איז ער שטיל אַליין געזעסען

  שרייבענדיג זיין פרייהייטס-ליעד.

יענע ליעד, וואָס יעדע שורה,

  איז א שטארקער קריגס-סיגנאל

אויפצוּוועקען אלע שקלאפען,

  קעמפפען געגען קאפּיטאל.

טרערען, ווארעמע הייסע טרערען

  פלעגען פליעסען אימער פאָרט

פון זיין אויג אויף יעדער בלעטעל

  און אויף יעדעס, יעדעס וואָרט.

ניט געאָרט האָט איהם דער בילען
פון דער באַנדע ווילדע הינד...
מיט אַ זיפץ פלעגט ער דאָס לאָזען
עס זאָל אַוועקגעהן מיט'ן ווינד.

דאָך געפאַלען איז דער קעמפפער
צווישען אַלע אויפ'ן פעלד,
יאָ געפאַלען — דאָך געשטאָרבען
איז ער ווי אַ וואהרער העלד.

„גלויב אין זיך ניט ביז דיין ענדע"
זאָגט אַ שפּריכוואָרט, קלוג און וואהר.
זעהט! זיין ענדע איז געקומען,
זאָגט יעצט עדות פאַר דערפאַר...

זאָגט איהם פריינד און פיינדע,
אַז געשטאָרבען איז ער בראַוו;
ניט געביטען זיין אידעע,
די בעפרייאונג פון שקלאַף!

ניט געביטען — ביז געקומען
איז דער טוידט און האָט פערמאַכט
זיינע אויגען איהם אויף אייביג
פאַר דער אייביג פינסטערער נאַכט...

ערעלשטאַט! דו ביזט געשטאָרבען
פיהלסט ניט מעהר דעם וועלטענשמערץ,
דאָך דיין טוידט האָט פערוואונדעט
שרעקליך, שרעקליך מיר מיין הערץ.

ביזט געשטאָרבען... דאָך איך טרייסט זיך,
וויל עס לעבט דיין גרויסער גייסט,
ווען איך וועל דיין ליעד נאָר זינגען
וועט עס זיין פאַר מיר אַ טרויסט...

און איך וויס, די צייט וועט קומען
מיט דעם פרייהייטספולען גלאַנץ,
דאַן וועט יעדער איינער לייגען
אויף דיין גראָב אַ בלומען-קראַנץ.

**י. באָוושאָווער.**

17טען אקטאבער 1892

# צו מיין פעדער.

---

מיין פעדער, מיין ליעבלינג, מיט דיר אליין
וויים איך פון זיסע מינוטען,
נור דוא שטילסט איין מיין הערצענס געוויין
און לאזט איהם ניט פארבלוטען.

*

איך אטהעם פריי אין דיינע שריפטען,
איידער עס דרוקט זיי דאס בליי,
איידער די וועלט הייבט אן זיי פערגיפטען
מיט ציניש׳ע הייכלעריי.—

*

די וועלט, ביי וועלכע דאס געלד איז נור טהייער,—
זעלבסטזיכטיג, גייסטלאז, פערפראהרען,—
וויא קען זיא בעגרייפען דעם הייליגען פייער,
וואס האט דיינע ליעדער געבארען?

*

וואס געהט איהר אן, אויב דוא שרייבסט מיט טינט
אדער מיט הייסע טרעהרען?
וואס איז א דיכטער?—א טרוימער, א קינד
פערליעבט אין בלומען, אין שטערן?

מיין פעדער, דוא ביזט מיין גייסטיגע שווערד,
איך שטעה מיט דיר אויף דער וואכע,
אללע ליידענדע קינדער דער ערד
רוף איך צום קאמפף און צו ראכע!

*

וואס וואלט איך געטהאן אהן דיר אויף דער וועלט,
וועמען וואלט איך נאך אזוי ליעבען?
דיא וועלט מיט איהר זעלבסטזוכט, שווינדעל און געלד
וואלט שנעל מיך אין קבר פערטריבען.

*

וואס וואלט איך טהאן, איך אונפראקטישער יונג,
טרוימעריש און נאאיוו?
וואס אויפ'ן לונג, דאס אויפ'ן צונג
פון ביזנעס קיין בעגריעף?

*

א טרוימער, וואס זיין הערץ פערבימערט
א צוטראטענע בלום אין גאס,
זעהט ער א בעטלער, ווערט ער פערציטטערט, —
א היימלאזעס קינד מאכט איהם בלאס.

*

וואס וואלט איך געטהאן אין דעם פראקטישען שמוץ,
וואו טויזענדער אנדערע לעבען?
וואס וואלט איך געבראכט דער וועלט פיר א נוץ,
וואס וואלט איך דיא ליידענדע געבען?

ווי וואלט איך געלעבט אהן דיין הייליגען צויבער,
מיין פעדער, מיין איינציגער פריינד!
ווי וואלט איך געבראנדמארקט די מערדער און רויבער,
דער פרייהייטס ביטערע פיינד?

*

מיט דיר בין איך שטאלץ, מיט דיר בין איך מונטער,
איך פיהל, דאס איך ארבייט און לייסט,
עס פאלען די אייזערנע קייטען ארונטער,
עס שטייגט צו די וואלקען מיין גייסט!

*

נור דער טוידט וועט אונז צושיידען!—
און ווען צובראכען, פערפאלגט,
פאל איך... דאן וועסט דו פאר מיר רעדען,
צום פאלק, צום ליידענדען פאלק!



# נאטור און מענש:

ווּיא זאל איך, ברידער, פרעהליך זינגען,
ווען האס און קריעג איז איבעראל?
עס שיינט מיר: טיעפע שמערצען קלינגען,
אויך אין'ם ליעד פון דער נאכטיגאל!

*

עס שיינט מיר, אז דער מאנד און שטערען,
דיא זילבערווייסע ליליענבלום,
זיינען פול מיט הייסע מענשענטרעהרען
און זיינען פון שרעקען בלאס און שטום...

*

ווען מענשען ליידען, קלאגען, זארגען,
קען דיא נאטור דען פרעהליך זיין?
ניין, טרעהרען בלוטיגע פערבארגען
זיינען אין איהר רויטען זונענשיין!

*

זיא זעהט וויא איהרע מענשענקינדער
האבען פערוויסט דיא שעהנע וועלט,
און איהרע ליעבלינגע, וויא רינדער,
ווערען געשעכט, פערקויפט פיר געלט...

װען דיא נאטור גיסט פערלטרעהרען
און מיט איהר װײנט דער בלומענטהאל,
עס װײנען זאנגע, מאנד און שטערן
און טרויעריג קלאגט דיא נאכטיגאל...

*

עס קלינגען אפ דיא שמערצען־ליעדער
אין ברוסט פון לײדענדען פאעט,
און פיר דער מענשהײט קניעט ער ניעדער
מיט הײסע טרעהרען און געבעט.—

*

א מענש! פיר ליעבע, גליק און לעבען
איז דיא נאטור, דיא װעלט געשאפט,
דיר איז א פרײע ערד געגעבען—
דאך יעצט איז ערד און מענש פערשקלאפט!

*

װער זײנע ברידער קען פערשקלאפען,
פערגיסען בלוט—דער איז א העלד,
און דיעזע הענקער זינד דיא גראפען,
מאנארכען, קעניגע דער װעלט!

*

עס גיעבט אויך פרײע רעפובליקען,
װאס זינד בלויז פרײ אויף דעם פאפיער,
און פול מיט קנעכט זינד דארט פאבריקען,
און יעדער הערשער א װאמפיר.

*

איך רוף צו אייך, פערשקלאפטע ברידער,
וואכט אויף! פעראייניגט מוטה און קראפט
און שטירצט דיא ווילדע הערשער ניעדער,
דאן לעבט און ליעבט, געניסט און שאפט!

*

און דיא נאטור וועט פרעהליך זינגען,
פריי אטהעמט אויף דעם דיכטער׳ס ברוסט,
און זיינע ליעדער וועלען קלינגען
מיט פרייע ליעבע, גליק און לוסט!



# דער „מיינער".

(קאָהלענגרעבער).

1.

ווען איהר ווארמט זיך, ברידער, ביי דעם פרעהליכען פייער,
פערטהיידיגט פון רעגען אונד ווינד,
צו דענקט איהר א מאל, וויא שרעקליך טהייער
עס קאסט יעדער קאהל אונז א צינד?

2.

צו דענקט איהר א מאל, אז מיר צאהלען צו גוט?
איהר זעהט דיעזע גליהענדע אשעם?—
זיי זיינען געפארבט מיט מענשליכען בלוט
פון טויזענדער יונגע נפשות!

3.

דער פייער פלאקערט פרעהליך אונד שעהן,
דאך ציטטערט אין מיר יעדער אבר,
איך וויים, יעדער קאהל איז א מצבה־שטיין
פון אן ערמארדעטען „מיינער'ס" קבר.

4.

דאך ניין, דאס זיינען קיינע טוידטע שטיינער,
דאס ברענט א בלוטיגער בארג
פון ארבייטער ביינער, ארעמע ביינער—
דיא קאהלענגרוב וואר זייער זארג!

5.

ברידער, קענט איהר דאס שרעקליכען לעבען
פון א פערשקלאפטען „מיינער"?
זאגט, צו עס קאן אין דער וועלט נאך געבען
א פינסטערער שיקזאל וויא זיינער?!

6.

ער ארבייט פון קינדהייט אין דער ערד בעגראבען,
פאר'ן קארגען שטיקעלע ברויט,
און דאס קאנן ער אויך נישט איממער האבען,
אונד ליידט נאך הונגער אונד נויטה!

7.

מיט זיין אייגענעם קינד איז ער וועניג בעקאנט,
פארטאג נאך פערלאזט ער זיין שטוב,
אונד איילט צו דער ארבייט, צו דער שקלאפען שאנד,
אין דער קאלטער, פינסטערער גרוב!

8.

ער ארבייט אונד ארבייט אין זיין דונקלען געצעלט,
פיר דיא רייכע אייזענבאהנען,
פיר אללע דענקער אונד קינסטלער דער וועלט,
פיר אללע זאטטע טיראנען!

9.

ער ארבייט זיין לעבען אין שרעק אונד געפאהר,
לעבעדיגערהייט זיין פערשאטען...
אונד וואס איז זיין לאהן? ער ווערט דערפאר
גערויבט! מיט דיא פיס געטראטען!!

10

קאהלען־באראנען, רויבער־באנדע!
איהר שעכט אונד בלייבט גערעכט...
אויב איהר זייט מענשען, איז א שאנדע
בעלאנגען צום מענשען־געשלעכט!

11.

דאן שטעהען דיא ווילדע טהיערע פיעל העכער
אין הומאניטעט וויא איהר,
א טהיער איז ניעמאלס א פערברעכער
געגען זיין ברודער־טהיער.

12.

איין לייב וועט דעם צווייטען לייב נישט טוידטען,
אונד מענשען—קרוין דער נאטור—
מענשען פרעססען איינער דעם צווייטען.
ביז עס בלייבט פון זיי קיין שפור!

13.

ווען איהר ווארמט זיך ברידער,ביי א פרעהליכען פייער,
פערטהיידיגט פון רעגען אונד ווינד,
דענקט פון דעם „מיינער"! דענקט, וויא טהייער
עס קאסט יעדער קאהל אונז אצינד!

14.

דענקט פון דעם „מיינער", פון זיין פרוי אונד קינד,
פערשקלאפט ביי דיא גאלדענע געטטער,
זעהט, וויא זיי ווערען ערמארדעט וויא הינד,
אונד האבען קיין פריינד אונד קיין רעטטער!

15.

אונד, ווען איהר האט נור א ביסעלע מוטה,
וואכט אויף, גרייפט צו דיא וואפפען,
אונד מיט אייער הערץ אונד בלוט
פערטהיידיגט דיא ליידענדע שקלאפען!

# אין קאמפף.

מיר ווערען געהאסט און געטריבען,
מיר ווערען געפלאגט און פערפאלגט—
און אללעם דערפאר ווייל מיר ליעבען
דאס ארעמע שמאכטענדע פאלק.

מיר ווערען ערשאסען, געהאנגען,
מען בערויבט אונז דאס לעבען און רעכט
דערפאר ווייל מיר אמת פערלאנגען
און פרייהייט פיר ארעמע קנעכט!

אבער אונז ועט ניט ערשרעקען
געפעננגיס אונד טיראניי,
מיר מוזען דיא מענשהייט ערוועקען
און מאכען זיא גליקליך און פריי.

שמידט אונז אין אייזערנע קייטען,
וויא בלוטיגע חיות אונז רייסט,
איהר וועט אונזער קערפער נור טוידטען,
אבער ניט אונזער הייליגען גייסט!

* * *

טיראנען! איהר קענט איהם ניט טוידטען,
דאס איז איין אונשטערבליכער בלום,
זיינע שמעקענדע, פלאמענדע קווייטען
בליהען שוין יעצט אומעטום!

זיי בליהען אין דענקענדע מענשען,
וואס ליעבען גערעכטיגקייט, ליכט,
אליין דיא נאטור טהוט זיי בענשען,
צום קאמפף, צו דיא הייליגע פפליכט.—

בעפרייען דיא ארימע שקלאפען,
וואס שמאכטען אין הונגער און קעלט,
און פיר דיא מענשהייט בעשאפען
א פרייע, א ליכטיגע וועלט.

וואו עס זאל ניט גיסען קיין טרעהרען,
ניט פליסען אונשולדיגעס בלוט,
און מענשען וויא גלענצענדע שטערן,
שיינען מיט ליעבע און מוטה!

* * *

איהר קענט אונז ערמארדען, טיראנען!
נייע קעמפפער וועט ברייגנען דיא צייט—
און מיר קעמפפען, מיר קעמפפען ביז וואנען
דיא גאנצע וועלט וועט ווערען בעפרייט.

# דיא פערשאלטענע.

פריי נאך נעקראסאוו.

---

ווען איך וואנדער אליין אין דיא פינסטערע גאסען,
ווען איך הער זיך איין אין שטורם־ווינד־
שוועבסטו פאר מיר מיט דיין פנים בלאסען,
דוא היימלאזעס, קראנקעס, פערשאלטענעס קינד!

עס ערגרייפען מיך ווידער פערגעסענע שמערצען,
פון קינדהייט האט דיך שוין דער שיקזאל געהאסט,
דוא האסט איינעם געליעבט מיט דיין אדעלען הערצען,
מיט אנאנדערען האט דיך דיין פאטער פער׳קנס׳ט!

דיין מאן וואר א שלעכטער... דאך ניט לאנג האט גענומען
און דוא האסט צוריסען דיא שענדליכקייט...
און דוא ביזט צו דיין איינציגען פריינד געקומען,
דאך אויך ניט אויף גליק, נור אויף שמערצען און נויטה!

געדענקסט דוא דעם טאג, עס וואר א פינסטערע כמארע,
איך האב זיך געראנגעלט מיט הונגער און קעלט...
פון אטהעמען האט זיך געטראגען א פארע
אין אונזער פוסטען און קאלטען געצעלט!

געדענקסט דוא וויא דער שטורם האט ווילד געליארעמט,
וויא אונז האט אין קימען בעווײנט דער ווינד...
דוא האסט מיט דיין הייסען אטהעם געווארעמט
דיא הענטלאך פון דיין פערפראהרענעם קינד!

עס האט געשריען דער אונשולדיגער קרבן!
דיא נאכט איז געקומען... און דאס שוואכע קינד
איז פון הונגער און קעלט, אויף דיין ברוסט געשטארבען—
ארעמע מוטער, וואס וויינסט דוא אצינד?!

ער דארף שוין יעצט דיינע טרעהרען ניט האבען,—
מיר מוזען שטארבען פון הונגער וויא ער...
מיט פלוך וועט אונז דרייען דער לענדלארד בעגראבען,
און קיינער שענקט אונז קיין מענשליכען טרעהר!

מיר זיינען געזעסען פערזונקען אין שמערצען,
דוא ביזט געוועזען צובראכען און קראנק,
א קאמפף האט געדרונגען אין דיין ליידענדען הערצען,
עס האט דיך ערגריפען א געהיימער געדאנק...

איך בין אנדרעמילט געווארען... דו האסט גענומען זיך דרעסען,
וויא צו א באלל... און ביזט אוועק געשווינד,
אין א שטונדע האסט דוא געבראכט מיר צו עסען,
און א קליינעם זארג פיר'ן טוידטען קינד.

מיר האבען דעם שרעקליכען הונגער פערטריעבען,
אין קאלטען צימער פייער געמאכט,
דאס טוידטע קינד אין זארג צוגעקליבען—
ווער האט אונז געהאלפען אין דער פינסטערער נאכט?

איך האב ניט געוואגט קיין ווארט ביי דיר פרעגען,
און דוא האסט מיר אויך גארניט געזאגט...
דיין שווייגען איז אויף מיר וויא א שטיין געלעגען—
מיר האבעןביידע ביטער געקלאגט...

וואו ביזט דוא יעצט אונגליקליכער קרבן?
מיט דיין ביטערען עלענד און שרעקליכען נויטה!
ביזט דוא אין קאמפף מיט דיין שיקזאל געשטארבען?
אדער, געפאלען אין שאנדע און קויט!

אללע, אללע וועלען דיך פעראכטען,
יעדער וועט ווארפען אין דיר א שטיין—
איך אליין וועל מיט פלוך דיעזע וועלט בעטראכטען,
וואס קען פערדאמען, אבער ניט פערשטעהן!



# א שטיקעלע ברויט.

*

פיר א שטיקעלע ברויט אהן קייטען, אהן סם!
ביז מיין טוידט וואלט איך ארבייטען גערען,
אבער ברידער! מיין ברויט איז יעצט פול מיט מיין דם,
פערגיפטעט מיט בלוטיגע טרעהרען.

*

עס רעבעלירען מיין הערץ און מיין מוח,
געגען דעם שענדליכען ברויט,
פיר וועלכען איך אפפער מיין לעבען, מיין כח,
און לייד דערצו ביטערע נויטה.

*

א שטיקעלע ברויט אהן סם און אהן קייטען,
ברידער! פערלאנג איך דען פיעל?
בין איך דען שולדיג אז איך קען ניט טוידטען
אין מיר יעדען מענשען־געפיהל?!

*

א שטיקעלע ברויט אהן שענדליכע קייטען,
ברידער! ווער עס וויל אזא ברויט,
דער מוז אונזערע הייליגע לעהרע פערברייטען,
קעמפפען אויף לעבען אונד טוידט!

*

ער מוז איבעראלל אין זיין ברוסט מיט זיך טראגען
פון פרייהייט דעם הייליגען פלאם,
יעדען קנעכט, יעדען הערר'שער ווארהייט נור זאגען:
„מיר ווילען קיין קייטען, קיין סם".

*

מיר ווילען פריי ארבייטען און אויך פריי געניסען,
דיא פריכטע פון אונזערע הענד,
מיר ווילען איהר זאלט אונז דאס בלוט ניט פערגיסען,
מיר ווילען פון קנעכטשאפט איין ענד!

*

מיר ווילען דיא פרייהייט, מיר ווילען דיא ערד,
מיר זעהען דיא צוקונפט מיט קלארהייט,
יעדער שקלאף איז א מענש, יעדער מענש איז א העלד,
„ווען זיין וואפפע איז ליעבע און ווארהייט!"



# אן דיא אידישע שריפטשטעללער.

1.

האלט הויך דיא פאהן דער ליטעראטור,
איהר טעמפעל—הייליג אונד פריי,
זייט טריי דער װארהייט, זייט טריי דער נאטור!
דער ליידענדער מענשהייט זייט טריי!

2.

בייגט נישט דעם קאפף פאר דער גאלדענער קאלב,
פיר רייכע, געפוצטע דיעבען,
צווינגט נישט מענשען זאגען נור האלב,
וואס זיי דענקען, האססען אונד ליעבען.

3.

װענט יעדעס װארט אונד יעדען געדאנק,
איידער איהר דרוקט נאך דיא שריפטען,
פיללייכט זייט איהר נאר מיט זעלבסטליעבע קראנק,
אונד װעט אויך דעם צווייטען פערגיפטען!

4.

א ריינעם געוויססען, א געזונדען פערשטאנד,
מוז א שריפטשטעללער האבען,
נים, װעט ער זיך מיט זיין אייגענער האנד
אין זיין אייגענעם שמוטץ בעגראבען.

5.

מען קען אויך מיט שמוטץ א קראנץ זיך געווינען,
בײ דיא, וואס זינד דום אונד געמײן,
דאך הײליגע אכטונג דער מענשהײט פערדיענען,
קען נור דער עהרליכער דענקער אלײן!

6.

זײט פיר'ן פאלק ליכטיגע שטערן,
אין דער פינסטערער שקלאפען-נאכט,
בעלײכט זײנע קײטען, וואונדען אונד טרעהרען,
ערוועקט אין איהם האפפנונג אונד מאכט!

7.

פלאנצט אין זײן הערצען פרײע געדאנקען,
פון גלײכהײט און ברידערליכקײט!
אונד דיא גאלדענע צוקונפט וועט אײך בעדאנקען,
מיט דעם קראנץ דער אונשטערבליכקײט!



# אן דיא גענאסען.

דיא נאכט איז פינסטער, מען זעהט ניט קיין שטערן...
דער הימעל איז שווארץ וויא דיא ערד,
ווילד רוישט דער ים פון מענשליכע טרעהרען,
עס הערשען נור הייבקער און שווערד —

*

דיא ווארהייט ליעגט עלענד, אין קייטען געשלאסען,
פערוואונדעט פון שרעקליכען פיינד,
אה, ווארהייט! וואו זיינען דיינע טרייע גענאסען?
וואו זיינען דיינע עהרליכע פריינד?

*

ווארום קומען זיי ניט היילען דיינע בלוטיגע וואונדען,
און טהאן זייער מענשליכע פפליכט?
איז דען אויף עוויג דיא זאננע פערשוואונדען,
פערלאשען איהר היילינעס ליכט?

*

איז דען דיא גייסטיגע מענשהייט געשטארבען—
עס לעבען נור הייבקער און קנעכט?
און אללעס וואס העסליך איז, שמוציג, פערדארבען,
נור דאס האט צו לעבען דאס רעכט?

*

ניין ברידער, איך קען ניט, איך וויל דאס ניט גלויבען!
מיר זיינען פערמאטערט, פערשקלאפט,
אין שטייגען פערצאמט, וויא געפאנגענע לייבען,
אבער דאך איז ניט טוידט אונזער קראפט!

*

דיעזע מענשליכע קראפט קען נאך וואונדער בעווייזען,
ווען דער שטורם ערוועקט אונזער גייסט,
וויא מיט צויבער צושמעטערט זיא שטיינער און אייזען,
אויף שטיקער דיא קייטען צורייסט!

*

דער קען ניט דיא האפפנונג אויף פרייהייט פערליערען,
ווער עס ווייס דיא געשיכטע דער וועלט.
נור אין דער פינסטערניש קענען רעגיערען,
געוואלדהייטען, שווינדעל און געלד.

*

דאך וויא עס קומט נור דער ליכטיגער מארגען,
איז היינקער און טראהן אין געפאהר,
אללעס שלעכטעס, וואס איז אין דער פינסטער פערבארגען,
ווערט דעם פאלק דאן פערשטענדליך און קלאהר.

*

עס ברעכען דיא קייטען, עס פאלען דיא טראהנען,
עס רעגיערט נור דער פרייער פערשטאנד,
מען ברויכט ניט קיין בלוטהינד, מען דארף ניט קאנאנען,
ליעבע און עהרע בעוואכען דאס לאנד.

און ווען איהר האט האפפנונג, פערליערט ניט די וואפפען,
וואס קענען אייך פיהרען צום זיעג,
פערליערט ניט דיא ווארהייט, זיא קעמפפט פיר דיא שקלאפען
פיר מענשליכע פרייהייט און גליק!

*

זעהט וויא דיא ווארהייט איז עלענד, בעגאסען
מיט טרעהרען, א בלוטיגער טייך —
קומט צו איהר, רעטעט זיא, ברידער גענאסען!
זיא קעמפפט אונד זיא בלוטעט פיר אייך!



# דער בעליידיגטער העלד.

1.

מיט א פרייעם גייסט אונד אייזערנעם מוטה,
איז ער איממער אין שטורם געשטאנען,
אונד האט וויא א העלד מיט זיין הערץ אונד בלוט,
געקעמפפט געגען אללע טיראנען.

2.

ער האט עלענד געוואנדערט פון שטאדט צו שטאדט,
פערפאלגט פיר זיין ליעבע צו ווארהייט,
אין איין האנד א זארג פיר'ן גאלדענעם גאטט,
אין דער צווייטער א פאקעל דער פרייהייט!

3.

דיא הערשער האבען געקריצט מיט דיא ציין,
פערדאמט איהם געשלעפט צום געריכט,
דאך איז ער געבליעבען אייזען אונד שטיין,
אין קאמפף פיר פרייהייט אונד ליכט.

4.

וואס מעהר דיא טיראנען פון אונזער יאהר־הונדערט,
האבען דעם קעמפפער פערפאלגט,
דעסטא מעכטיגער האט זיין שטיממע געדוננערט,
פערטהיידיגט דאס ליידענדע פאלק.

5.

אונד איז מען בעגאנגען א שרעקליכען מארד,
איבער פרייע קעמפפער אונד דענקער,
וואר ער דער ערשטער, מיט טהאט אונד ווארט,
בראנדמארקען שווינדלער אונד הענקער

6.

ער שטעהט אין זיין קאמפף זא פריי אונד שטארק,
וויא עס איז נאך קיין קעמפפער געשטאנען,
פאר זיין רויטען פאהן אונד שווארצען זארג,
ציטטערען אללע טיראנען!

7.

דאך זעה איך יעצט, וויא עס ווארפט אין איהם שטיינער—
ניט נור זיין בלוטיגער פיינד!—
אה, ניין! עס ווארפט נור שמוץ אין איהם איינער,
וואס רופט זיך מענשענפריינד!...

8.

וואס דענקט, אז מען קען מיט חנ׳דעלאך זיססע,
אונד מיט אן אראבגענומענער הוט,
פועל׳ן ביי מערדער, מען זאל נישט פערגיסען
אונשולדיגעס, מענשליכעס בלוט!

9.

וואס דענקט, אז מען דארף ניט קיין בלוט אונד קרבנות,
נור א זיססען קאמפלימענט,
פיר הענקער וואס האבען קיין פונק פון רחמנות,
ועט מאכען פון קנעכטשאפט איין ענד!...

10.

אונד דיעזער... ווארפט שטיינער אונד ציניש בעליידיגט,

יעדען קעמפפער אונד עהרליכען מאן,

וואס דענקט ניט וויא ער און מיט זיין בלוט פערטהיידיגט,

זיין פאלק געגען יעדען טיראן!

11.

מענשען, וואס לאבען אין זייער הערצען,

פון גאלגאן, פון שרעקליכען טוידט,

אום נור צו רעטטען דאס פאלק פון שמערצען,

פון פינסטערניש אונד נויטה.

12.

אונד אין דיעזע מענשען ווארפט ער מיט שטיינער,

דער דייטשער מענשענפריינד...

אונד בעשימפפט אויך דיא יונגע, הייליגע ביינער,

וואס רוהען אין טשיקאגא היינט!

13.

אונד מען כאפט שוין אונטער זיין געשריי:

„ניעדער מיט אנארכיסטען״!

ווייל זייער עהרע פערקויפען זיי

צו דיא קאפיטאליסטען!...

14.

אה, דומע פערליימדונג! ווארפט נור א בליק,

אויף דיא טשיקאגא׳ער מארטירער!

אונד נעהמט אייער שענדליכען שמוטץ צוריק,

ווען איהר זייט ניט קיין פאלקס־פערפיהרער!

* * *

אה, וויא פינסטער איז אונזער נאכט!
איין ברודער דערקענט ניט דעם צווייטען,
אונד טרעט מיט דיא פיס איהם, אונד שפאט, אונד לאכט,
פון זיין ברודער׳ס וואונדען אונד קייטען.

דאך זעה איך שוין קומען דיא פרייע זאננע,
זיא וועט בעלייכטען מיט גאלדענע שטראהלען,
יעדען קעמפפער, וואס איז מיט זיין שווערד אונד פאהן,
אין קאמפף פיר פרייהייט געפאלען.

אונד עס וועלען קומען אויפ׳ן הייליגען ארט,
אללע מענשען—ברידער—נישט...יסטען,
אונד וועלען קניען מיט טרעהרען דארט.
ביי דיא קברים פון אנארכיסטען!



# מיין לעצטע האפפנונג.

אין שטורם, אין קאמפף, איז מיין יוגענד פערשוואונדען,
פון ליעבע, פון גליק האב איך קיינמאל געוואוסט.
נור בלוטיגע טרעהרען און בלוטיגע וואונדען,
האבען געקאכט און געברענט אין מיין ברוסט.

*

פריה האב איך מיין הויז און מיין היימאט פערלארען,
פון קינדהייט האט מיך שוין דער שיקזאל פערפאלגט,
פערגיפטעט האט ער מיינע בליהענדע יאהרען,
און איממער געמאטערט, געקוועלט און געיאגט.

*

פריה זיינען געשטארבען מיינע האפפנונגען זיסע,
פריה האב איך דערזעהן דעם ווילדען קאנטראסט—
דאס ארבייטער פאלק אין א פינסטערע תפיסה,
און שווינדלער, בעטריגער אין א רייכען פאלאסט.

*

א געוואלדיגער שטורם האט מיין זעעלע צוציטערט,
און איך האב געשווארען ראכע און טוידט,
צו אללעס, וואס האט אונזער לעבען פערביטערט,
געמארדעט, בערויבט אונזער פרייהייט און ברויט.

*

פיר אללעס, וואס דעם מענשען איז הייליג און טהייער,

האב איך גערופען צום קאמפף מיט געוויין,

און מיין הערץ האט געפלאקערט א הייליגער פייער,

מיין לעבען, מיין גאטט איז דיא מענשהייט אליין!

*

עס האבען געלאכט דיא אונוויסענדע שקלאפען:—

„משוגע'נער דיכטער, הער אויף דיין געשריי,

„וואס ווילסטו מיט פרייהייט, מיט קאמפפען, מיט וואפפען?

„דיא רייכע זינד מעכטיג און דיא וועלט איז פיר זיי!"

*

עלענד בין איך אין דעם שטורם געשטאנען,

מיין עלענדער קאמפף האט געהאט קיין ערפאלג,

עס הערשען וויא איממער דיא ווילדע טיראנען,

עס בלוטעט וויא איממער דאס ארעמע פאלק.

*

אה, שיקזאל, דוא האסט ניט געלאזט מיך ערווערבען,

א פונק פון פרייהייט, פון מענשליכע רעכט,

איך וואר שקלאף אין מיין לעבען, אה, לאז מיך פריי שטערבען

פיר דיא בעפרייאונג פון ליידענדע קנעכט!

*

בערויב ניט ביי מיר מיין האפפנונג זיסע,

מיין לעצטע האפפנונג א מינוט פאר מיין טוידט:—

זעהן וויא דאס פאלק וועט צוברעכען זיין תפיסה,

און וועט זיך בעפרייען פון הונגער אונד נויטה...

# מיין טרוים.

---

איך האב געטרוימט פון ווייסע בלומען,
ווייס, וויא געפאלענער שניי,
זיי זיינען אין מיין צימער געקומען,
איך ווייס ניט וויא אזוי.

---

זיי האבען מיט זיידענע קווייטען בעריהרט,
שטיל מיין הייסען שטערן,
איך האב אויף מיין קראנקער ברוסט געשפירט,
זייערע פערל־טרעהרען.

---

איך האב געפיהלט, וויא פון יעדען בלום,
גיסט זיך אריין אין מיין הערצען
א וואונדערבארער זיסער פארפיום,
וואס היילט מיינע אללע שמערצען.

---

אין פענסטער צו מיר האט אריינגעבליקט,
דיא שעהנע, בלאסע לבנה,
איך פרעג זיא: ווער האט מיך בעגליקט
מיט דער גן־עדן מתנה?

---

זיא קוקט מיך אן מיט דיא זילבערנע שטראהלען,
אונ פליסטערט שטיל צו מיר:
„דיא בלומען זיינען אראבגעפאלען,
פון א הייליגען בוזים צו דיר!"

---

דיא פרייהייטס געטטין איז געפלויגען,
שטיל דורך דער שקלאפען וועלט,
עס האבען בעמערקט איהרע הימלישע אויגען,
דעם ארעמען דיכטער'ס געצעלט.

---

בלאס, אליין, פון דער וועלט פערגעסען,
ווייט פון איהר שמוטץ אונ שוים,
איז ער מיט זיין פעדער אין האנד געזעסען,
פערטיעפט אין א פרייהייטס טרוים.—

---

מיט טרעהרען האט דיא געטטין געבליקט,
אויף איהר בלאסען זינגער,
אונ האט פון איהר בוזים דיא בלומען
גענומען מיט ציטערענדע פינגער.

---

„ער טרוימט פון מיר, ער בענקט נאך מיר,—
„געהט צו איהם, שניי־ווייסע בלומען!
זאגט, אז איך שטעה ביי דער מענשהייטס טהיר,
וויל גיך צו דער מענשהייט קומען!"

„טרייסט זיין הערץ, היילט זיינע וואונדען,
מיט אייערע פערל־טרעהרען",
און דיא געטטין איז פערשוואונדען,
צווישען דיא גאלדענע שטערן.

---

איך האב זיך אויפגעכאפט, דיא לבנה
שיינט, וויא זילבערנער שוים,
אבער, וואו איז דיא בלומען מתנה?
דאס וואר נור א טרוים, נור א טרוים!..

---

דער זיסער טרוים איז אוועק געשוואומען,
דאך ווייס איך ניט, ווארום
איך קען ניט פערגעסען דיא שניי וייסע בלומען,
און זוך זיי איממער ארום.



# דער יתום.

בלויע אויגען, גאלדענע לאקען?
ווייס וויא א ליליען בלום,
אין א ארעמע העמדעל אהן שיך, אהן זאקען,
זיצט ער אין מיין רום.

*

אן ארעמער יתום! קיין פאטער און מוטער,
פרעמדע גיבען איהם ברויט,
ער ווייסט, דאס איך בין צו קינדער א גוטער,
און קומט צו מיר מיט פרייד!

*

ער איז פול שעהנהייט און פאעזיע,
נור פרעמד איז איהם קינדערלוסט.
טרויעריג זיצט ער ביי מיר אויף דיא קניע,
טוליעט זיך צו צו מיין ברוסט!

*

איך הער, וויא דאס הערצעלע קלאפט דערשראקען,
אין לעבענס שטורמווינד,
איך בענעץ מיט טרעהרען דיא שעהנע לאקען,
פון אונגליקליכען קינד!

*

שעהנעם קינד! ווען מען וואלט דיך ערצויגען
צווישען מענשענפריינד!
דוא וואלסט, וויא א העלער רעגענבויגען,
מיט לעבענספארבען געשיינט!

*

ווען דיא נויטה מיט איהר אייזערנער האנד,
זאל דיך ניט ווארגען, ניט שטיקען,
דוא וואלסט א מאל מיט גייסט און טאלאנט,
דיא מענשליכע הערצער דערקוויקען!

*

נור עלענד ביסטו ארעמעס קינד!
דוא האסט קיין פריינד, קיין היים,
וויא א צווייגעלע, וואס דער בייזער ווינד
רייסט אראב פון א בוים.

*

און טראגט ארום צווישען זאמד און שטיינער...
קינד! ווער פיהלט דיינע שמערץ?
דיך קושט ניט קיינער, דיך דריקט ניט קיינער
צו א ווארעמע מוטער הערץ!

*

אין דער קאלטער וועלט ווער וועט פון דיר דענקען!
צו ביזי איז דער רייכער הערר!
און דער ארעמער שקלאף קען דיר נור שענקען,
וויא איך א ווארעמע טרעהר!

וואוהין ווערסט דוא געהן? וואס ווערט פון דיר ווערען?
עלענד וויא א שטיין!
אין טיעפען ים פון שמערצען און טרעהרען,
ווערט דאס עופה'לע אונטערגעהן.

*

בלויע אויגען, גאלדענע לאקען,
א וואונדער־שעהנעס קינד,
אונשולדיג, טרויעריג, בלאס און דערשראקען,
שטעהט עס אין שטורמווינד.



# אויפרוף צו דער „ווארהייט".

הייליגע ווארהייט, איך בעגריס פון מיין הערצען,
דיין קומען אויף אונזער וועלט,
וואו דאס פאלק איז פערזונקען אין עוויגע שמערצען,
וואו עס הערשט נור פאלשקייט און געלד.

*

קום, בעלייכט מיט דיינע הימעלשע שטראהלען,
דיא שרעקליכע פינסטערע נאכט,
וואו טויזענדער מענשען אונשולדיגע פאלען,
אין קאמפף מיט דער טיראנישער נאכט.

*

קום, ערקלעהר אונז מיט ליעבע אונד קלארהייט,
וויא שענדליך עס איז שקלאפעריי,
אונד נור דורך דעם קאמפף פיר ליעבע אונד ווארהייט,
קען דאס פאלק ווערען גליקליך אונד פריי.

*

בעגייסטער, פעראייניג דיינע ארעמע ברידער!
הייב אויף דעם געפאלענעם קנעכט,
צוברעך זיינע קייטען, בעפריי זיינע גלידער,
אונד גיעב איהם דאס מענשליכע רעכט!...

# מיין צוואה.

געווידמעט צו H. S.

אה, גוטע פריינד! ווען איך וועל שטארבען,
טראגט צו מיין קבר אונזער פאהן—
דיא פרייע פאהן מיט רויטע פארבען,
בעשפריצט מיט בלוט פון ארבייטסמאן!

*

און דארט אונטער דעם באננער רויטען,
זינגט מיר מיין ליעד, מיין פרייעס ליעד!
מיין ליעד „אין קאמפף", וואס קלינגט וויא קייטען—
פון דעם פערשקלאפטען קריסט און איד.

*

אויך אין מיין קבר וועל איך הערען,
מיין פרייעס ליעד, מיין שטורם־ליעד,
אויך דארט וועל איך פערגיסען טרעהרען,
פאר דעם פערשקלאפטען קריסט און איד!

*

און ווען איך הער דיא שווערדען קלינגען,
אין לעצטען קאמפף פון בלוט און שמערץ—
צום פאלק וועל איך פון קבר זינגען,
און וועל בעגייסטערען זיין הערץ!

# דער וועקער.

---

הערט נור צו, וואס איך וועל זאגען:
ווען איהר ווילט קיין קייטען טראגען—
קומט אין אונזער פאלק,
וואס מיר ווילען, ניט פיעל בריייען,
איז פון שקלאפען־יאך בעפרייען,
דאס אונטערדריקטע פאלק.

*

קומט צו אונז מיט פרייע ווערטער,
פרייע הערצער, פרייע שוועסטער,
קומט אין פרייען שלאכט,
קעמפפען וועלען מיר ביז וואנען,
עס וועלען פאלען די טיראנען—
פערשווינדען ווירד די נאכט.

*

זעהט נור, וויא פיעל קעמפפער פאלען,
פיר די פרייהייטס אידעאלען,
אין קאמפף מיט טיראניי!
זאלען מיר דען רוהיג שוויינען,
רוהיג זיצען אין די שטייגען—
דולדען שקלאפעריי?!

*

הערט וויא אונז דער פיינד בעליידיגט,
גאטעס פורכט און קנעכטשאפט פרעדיגט,
פיר דעם ארבייטס מאן...
שוין גענוג אין קייטען שלאפען,
ברעכט דיא קערקערס טהיערען אפען,
טוידט צו דעם טיראן!

*

ניעמאלס וועט איהר נויטה פערמיידען,
אימּמער שאנד און שמערצען ליידען,
זאלאנג וויא איהר זייט קנעכט.
ברידער, העלפט איינער דעם צווייטען,
ברעכט דיא קייטען אן דיא קייטען,
קעמפּפט פיר מענשענרעכט!

*

וויא לאנג וועלען נאך רעגיערען,
ווילדע הענקער און וואמפּירען?—
ליידענדע ערוואכט!
קומט צו אונז מיט פרייע ווערטער,
פרייע הערצער, פרייע שוועסטער,
קומט אין פרייען שלאכט!

---

# אויפרוף

## אן דיא „פרייע ארבייטער שטיממע“.

— —

פרייע ארבייטער שטיממע!
אויף דיין הייליגען לעבענס שוועל,
בעגריסט דיך מיט ליעדער און טרעהרען,
דיין אלטער פריינד פאסקארעל!

*

פיר דאס הערצענס טיעפע געפיהלען,
איז צו ארעם אונזער שפראך,
רייכער זיינען אונזערע טרעהרען,
מיט זיי קען מען זאגען א סך!

*

און מיט הייליגע ארבייטער טרעהרען,
וואס פאלען יעצט זעהר א סך,
שרייב איך אויף, אויף דיין רויטע פאהנע,
„קעמפף פיר דיא הייליגע זאך!“

*

ווילד רוישען דיא קאלטע וועללען,
פון דעם גרויסען לעבענס ים,
דיא ארעמע עלענדע שיפפער,
זיי לעבען, זיי אטהעמען קוים!

*

דער ווינד האט צוריסען דיא זעגעל,
צובראכען דעם קליינעם קאמפאס...
עס איז זיי אין שטורם געבליעבען,
נור הונגער, פערצווייפלונג און האס.

*

וואוהין עס טראגט זיי דער שטורם,
פון דעם האבען זיי קיין בעגריעף,
זיי שרייען, זיי גיעבען סיגנאלען—
דאך מען זעהט ניט קיין רעטטונגס שיף.

*

פרייע ארבייטער שטיממע!
דיין הייליגע פפליכט איז אצינד,
העלפען בעפרייען דיא ברידער,
פון שרעקליכען שטורמווינד!

*

צייג זיי דיין רויטע פאהנע,
אלס א הייליגען רעטטונגס סיגנאל,
בעלייכט זיי דעם וועג מיט דיין פאקעל,—
מיט דעם ווארהייט בליצענדען שטראהל.

*

דורך שטורם, דורך רוישענדע וועללען,
דורך שטיינער וואס ליעגען אין וועג,
העלף דער פאלקס־שיף ערדייכען,
דער פרייהייטס הייליגען ברעג!

*

העלף פערניכטען דיא ברואים,
וואס ווילען דערטרינקען דיא שיף—
וואס ווילען זייערע ברידער
בעגראבען אין פינסטערנים טיעף!

*

קעמפף ניט מיט שוואכע פליעגען,
ווען דער טיגער שטעהט ביי דער טהיר,
ווען טויזענדטע עלענדע ברידער,
רופען נאך הילפע צו דיר!

*

שווער ביי דיא היילינע וואונדען,
פון דיא קעמפפער פיר מענשענרעכט,
אז דיין הערץ, דיין גייסט, דיין לעבען,
געהערט צו דיא ליידענדע קנעכט!

*

שווער, אז דוא מוזט זיי העלפען,
אין זייער ביטערע נויטה!—
שווער, אז דוא מוזט פערניכטען,
יעדע שענדליכע שקלאפען קייט!

*

שווער ביי דער פרייהייט פאהנע—
רויט פון מארטירער בלוט—
אז קיין שטורם, קיין פיינד, קיין פערצווייפלונג,
וועט ניט צוברעכען דיין מוטה!

*

אז נור דער טוידט אדער פרייהייט,
וועט צושיידען דיך מיט דעם שווערד!
ערקלינג, פרייע ארבייטער שטיממע,
איבער דער גאנצער ליידענדער ערד!

*

וועק דיא פערשקלאפטע מענשהייט,
צו דער לעצטער רעוואלוציאן!
מיט אייזערנע מוטה, מיט בעגייסטערונג—
דיין הייליגע ארבייט פאנג אן!



# דיכטער און מוזע.

## דיכטער:

גוט מארגען, מיין מוזע, מיין הימעלשע שיינהייט!
דוא קוקסט עפּעס היינט וויא אין כעס.—
האבען שוין ווידער דעם פאלקס אונטערדריקער
ערוועקט אין דיר צארן און האס?

*

איך זעה אז דיין שעהנעס געזיכט איז פערוואלקענט,
דיא הימלישע אויגען זינד פייכט —
זאג מיר, וואס איז דען געשעהען, מיין ענגעל?
זאג מיר, איך טרייסט דיך פיליכט!

## מוזע:

—„איך קום יעצט פון טעמפּעל, פון הייליגען טעמפּעל
דער קונסט און ליטעראטור,
פון דארט, וואו א מאל האט ליעבע און שיינהייט
גערוהט אויפ'ן שויס דער נאטור.

*

וואו עס האבען געקלונגען הימלישע ליעדער
פון ליעבע פרייהייט און גליק,
עס פלעגט דיא מענשליכע הערצער ערקוויקען
דיא הערליכע זיסע מוזיק!

*

דאך, מענשען, וואס האט איהר געמאכט פון דעם טעמפּעל?
א מארק, א שמוציגען מארק!
און איהר פערקויפט אייער גייסט, אייער עהרע,
און טרייבט דיא ווארהייט אין זארג.

*

דאס וואס היינט ווערט געלויבט און פערגעטערט,
ווערט מארגען מיט בלאטע בעדעקט,
און איבערמארגען שוין ווידער פערצוקערט,
גע'חנפ'עט, געשמייכעלט, געלעקט?...

*

און דיא וואס נענען זיך דענקער און קינסטלער,
פיר דעם שמוציגען גראשען, נישט מעהר —
ברעכען זיך, קרימען זיך דארט פיר'ן עולם,
שפרינגען אהין און אהער.

*

דיא ריינסטע געפיהלען, דיא הייליגסטע פערל
פון מענשליכען הערץ און פערשטאנד—
ווערען געטראטען פון שמוציגע ברואים,
פון דומהייט, געמיינהייט און שאנד!

*

און דאס איז דער טעמפעל, דער הייליגער טעמפעל
פון קונסט און ליטעראטור?
וואו זייט איהר, איהר וואהרע דענקער און קינסטלער,
איהר ליעבלינגע דער נאטור?

*

וואס לאזט איהר פערשמוצען דיא גאלדענע פאהנע
פון קונסט און פאעזיע?
וואס לאזט איהר אריין אין הייליגען טעמפעל,
פערפעסטעטע, שמוציגע פיה?

*

וואס פערטרייבט איהר זיי ניט מיט אייזערנע ריטער,
פון קלארען פערנונפט און קריטיק?
וואס לאזט איהר זיי דיא מאסע פערדארבען,
מיט זייערע הינטישע שטיק?

*

פערטרייבט דיעזע העסליכע, שמוציגע ברואים,
אונ מיט אייער זיסען טרומפעט,
רופט צוזאמען דיא ארבייטער פריינדע,
פון קונסט און הומאניטעט!

*

בויעט אוים א טעמפעל, א הייליגען טעמפעל,
פון פרייהייט און זיטליכקייט —
בעגייסטערט דאס פאלק, ערוועקט אין זיין זעעלע,
ווארהייט און ברידערליכקייט!

*

און ווען עס קומט א ביטערע שטונדע,
און דיא נויטה איהרע צייהנער בעווייזט —
דאן עהרליכער דענקער! פערקויף דיינע מוסקעלן,
נור פערקויף ניט דיין הערץ און דיין גייסט!

*

פערקויף ניט דיין פעדער—אין איהר איז דיין זעעלע,
דיין הייליגער לעבענס געצעלט,—
דיין קערפער וועט שטערבען, דיין פעדער וועט לעבען,
און שפרעכען פון דיר צו דער וועלט!

*

פערקויף ניט דיין פעדער! אין קעלט און אין הונגער
פערטאכטעט, פערליימדעט, פערפאלגט—
בלייב טריי דיין געוויסען, אויפ'ן שוועל פון דיין קבר,
זינג צו דיין ליידענדען פאלק!

# פאָרווערטס!

צו דער אַרבּייט! פאָרווערטס, בּרידער,
אַללע, אַללע קומט מיט מוטה!
פרייע אַרבּייט שטאַרקט די גליעדער—
און זיא רייניגט אונזער בּלוט.

*

פוילט זיך ניט! אַ שאַנדע—כלעבּ'ן—
שלאָפען אין אַ צייט פון קריעג!
ווילט איהר וויסען, וואָס הייסט לעבּען—
קעמפּפט פיר אַלגעמיינע גליק!

*

פאָרווערטס, שטופּט די פרייהייטס רעדער!
מיט'ן שווערד און מיט'ן פען—
לאָז זיין אַרבּייט טהאָן אַ יעדער—
וויא ער קען און וואָס ער קען.

*

לעהרענט זעלבּסט און אויך דעם צווייטען—
צייגט דעם וויסענס ריינעם קוואַל!
און צונלידהט די שקלאַפען קייטען,
מיט דער וואַרהייט'ס הייסען שטראַהל!

*

וואַרפט אַריין אין אַללע קלאַסען,
פונקען פון דעם פרייעם גייסט!
לעהרנט דיינקען, קעמפפען, האַסען,—
דאס איהר מענשען זינד בעווייזט!

*

און ניט ציטערט פיר דיא הענקער!
שטערבען וויא א פרייער מאַן—
איז דאָך ליעבער פיר'ן דענקער,
וויא זיך צו בוקען צום טיראַן.

*

נאָך דיא שטורמען, פרעסט און שנייהען,
קומען וועט דער שעהנער מאַי,
וואס מיר וועלען יעצט פערזייהען,—
וועט דאַן בליהען פראַנק און פריי!

*

און א יעדער וועט געניסען,
פון דעם ריינעם פרייהייטסבוים,
זיסע פריכטע, וואס פערזיסען
יעדעם הערץ און יעדען היים!

*

פאָרוועטס! שטופט דיא פרייהייטס רעדער!
אַרבייט, ערנסט פול מיט גייסט!—
מיט'ן שווערד און מיט'ן פעדער,—
דאס איהר מענשען זינד, בעווייזט!

# צו דיא ארבייטער פרויען.

---

געווידמעט „דער ארבייטער פרויען ארגאניזאציאן“.

---

ארבייטער פרויען, ליידענדע פרויען!
פרויען, וואס שמאכטען אין הויז אין פאבריק
וואס שטעהט איהר פון ווייטען? וואס העלפט איהר ניט בויען
דעם טעמפעל פון פרייהייט, פון מענשליכען גליק?

העלפט אונז טראגען דעם באנער דעם רויטען,
פארווערטס, דורך שטורם, דורך פינסטערע נעכט!
העלפט אונז ווארהייט און ליכט צו פערברייטען,
צווישען אונוויסענדע, עלענדע קנעכט!

העלפט אונז דיא וועלט פון איהר שמוץ ערהייבען!
אללעס אפפערען, וואס אונז איז ליעב:
קעמפפען צוזאמען, וויא מעכטיגע לייבען
פיר פרייהייט, פיר גלייכהייט, פיר אונזער פרינציפ!

ניט איין מאל האבען שוין נאבעלע פרויען,
געמאכט ציטערען הענקער און טראהן,
זיי האבען געציינט, אז מען קען זיי פערטרויען,
אין ביטערסטען שטורם דיא הייליגע פאהן.

דערמאנט זיך אן אייערע רוססישע שוועסטער,
ערמארדעט פיר פרייהייט פון צאר דעם וואמפיר,
פערמאטערט ביז טוידט אין דיא שטיינערנע נעסטער,
פערגראבען אין שניי אין דעם וויסטען סיביר.

געדענקט איהר דיא נעמען, דיא הייליגע נעמען:
פעראווסקאיא, העלפמאן, גינזבורג און נאך
טויזענדע, וואס פלעגען זיך שעמען
צו טראגען געהארזאם דעם שקלאפעניאך?

זיי זיינען אין שטורם זא העלדיש געשטאנען,
געטראגען אין פינסטערנים האפפנונג און ליכט!
ראבע געגומען פון ווילדע טיראנען,
שטאלץ געקוקט דעם טוידט אין געזיכט!

געדענקט איהר זיי? דאן זאל זייער לעבען
בעגייסטערען אייך! איהר זאלט מיט ערפאלג
לעהרנען און דענקען, קעמפפען אונד שטרעבען
צו פרייהייט און גליק פיר דאס ארבייטער פאלק!



# אויף א באלל.

———

וואס שטעהסט דוא, בלאסער טרוימער!
גערזונקען דעם קאפּ אויפ'ן ברוסט?
זעה דיינע שוועסטער און ברידער
זינגען און טאנצען מיט לוסט!

*

זעה, וויא עס טראגען זיך פּאארלאך,
בעפלינגעלט פון זיסע מוזיק, —
בעקעלאך גליהען, און אויגען
בליצען מיט יוגענד און גליק.

*

נור דוא ביסט בלאס און פערטרויערט,
נור דוא ביסט ווי אימער אליין!
אליין, וויא א שטורם־וואלקען,
אליין, וויא א פעלזען־שטיין.

*

דוא שטעהסט און דענקסט, אז מארגען
וועט דיא העסליכע טיראנייע
ווידער דריקען און ווערגען
דיא קינדער פון שקלאפעריי!

*

און דיא שעהנע אויגען, וואס בליצען
יעצט, מיט ליעבע און מוטה,
וועלען זיין פייכט מיט טרעהרען
אונטער דעם אויסבייטערס רוטה!

*

און דיא בעקעלאך, וואס גליהען
יעצט, וויא א ראזע שעהן,
וועלען פון שמערצען ווערען
בלאס וויא א מארמאר־שטיין!

*

און דאס שעהנע מויל, וואס זינגט איצט
דאס ליעד פון פרייהייט און גליק,
וועט מארגען דאס לעבען פלוכען
אין דער פינסטערער פאבריק!

*

אזוי דענקט דער בלאסער טרוימער,—
ער דענקט און שטעהט אליין,—
אליין, וויא א שטורם־וואלקען,
אליין, וויא א פעלזען־שטיין.



# זינגט מיט לוסט!

איך זאל האבען הונדערט קעפּ,
וואלט איך אללע אבגעגעבען
פיר מיין גרויסען אידעאל,
ווייל אהן איהם וואס איז דער לעבען?

*

הייסט דאס לעבען? איממער זעהן,
וויא עס וועלקען ארום דיר
יונגע בלומען און עס פליעסען
הייסע טרעהרען אהן א שיעור?

*

הייסט דאס לעבען? פיר א שווינדלער
שווייגענד אנבייגען דעם קאפּף,—
קלייבען ברעקלאך, וואס ער ווארפט דיר,
וויא א הונד פון טיש אראפּ?

*

גוט איז דעם, וואס קען ניט לעזען,
אויף דיא מענשליכע געזיכטער.—
גוט איז דעם, וואס איז קיין דענקער —
גוט איז דעם, וואס איז קיין דיכטער —

גוט איז דעם, וואס האט אין הערצען
אללעם מענשליכעם פארלאשען,
מעג דיא וועלט אין טרעהרען שווימען,
ער וועט צעהלען זיינע גראשען...

*

אבער דער, וואס וויים צו לעזען
ניט נור ביכער און ראמאנען,
דער וואס קען אויך לעזען הערצער,
וואס פארבלוטען פון טיראנען. —

*

אויף דיא מארמאר ווייסע וואנגען,
אין דיא אויגען וואס זינד פייכט—
קענט איהר אונזער וועלט ערלעהרנען,
בעסער ווי פון בוך פיללייכט. —

*

קוקט זיך צו, צו דיא געזיכטער,
צו דיא טרויעריגע, בלאסע,
פון דיא היימלאזע בערויבטע
קינדער דער פערשקלאפטער מאסע!

*

וואס פיר שמערצען! וואס פיר ליידען!
זיי צורייסען מיר מיין ברוסט!
און איך קוק מיט ווילדען צארן,
ווען מען זאגט מיר: „זינגט מיט לוסט!"

*

„זינגט מיט לוסט?“ אה, דומע שקלאפען!
רופט דיא טענצער! דיא פאיאצען!
און זיי וועלען אמוזירען
איך מיט פויקען און מיט טאצען!

*

אבער ווייסט, אז אויך פאיאצען
לאכען יעצט דורך הייסע טרעהרען,
און דער הונגעריגער טענצער
טאנצט מיט פלוך פיר זאטע העררען.

*

פרייד איז יעצט ניטא ביי קיינעם,
יעדען איינעם איז יעצט שלעכט,
פון דיא גלענצענדע באנקירער,
ביז דיא אונטערדריקטע קנעכט.—

*

ווייל דער רייכער וויס זיין ענדע:
דאס פון בערויבטען פאלק,
פון פארבלוטיגטע געשפענסטער,
ווערט ער טאג און נאכט פערפאלגט.

*

און דיא ארעמע—זיי ליידען,
ווייל זיי האבען קיין פערשטאנד,
אום צו רייכען זיך וויא ברידער,
אין דעם פרייהייטס קאמפף דיא האנד. —

*

זאגט, וואס איז א דוצענד שווינדלער
געגען זא פיעל ארבייטס לייט?
נור א ביסעל מוטה און אחדות,
און מיר וועלען זיין בעפרייט!

*

דאך געננוג... עס איז זא קלעגליך
רופט דיא טענצער, דיא פאיאצען!
און זיי וועלען פיר אייך שפרינגען
מיט דיא פויקען, מיט דיא טאצען!

*

אבער ווייסט, אז אויך פאיאצען
לאכען יעצט דורך הייסע טרעהרען,
און דער הונגעריגער טענצער
טאנצט מיט פלוך פיר דיא זאטע הערדען.—



# סאפיא פעראווסקאיא.

(געווידמעט מיין שוועסטער שרה עדעלשטאדט.)

---

דאס וואר א פרוי! זעלטען זיינען פרויען
זא בראוו, זא נאבעל, זא גייסטיג וואונדערשעהן,
זיא וואר בערופען דעם פרייהייטס־טעמפעל בויען
און מיט איהר בלוט האט זיא געפארבט זיין שטיין.

*

דאס וואר א פרוי! דרייסטער פון א מאן
האט זיא געקעמפפט פיר פרייהייט און רעכט!
זיא האט געהאמערט דעם זארג פיר'ן טיראן
און האט געריסען די קייטען פון דיא קנעכט!

*

איהר פאטער האט זיין שעהנעס קינד ערצויגען
צווישען רייכטהום, בלומען און מוזיק;
איהר יוגענד, וויא א העלער רעגענבויגען,
האט געשיינט מיט ליעבע און מיט גליק.

*

עס פלעגען שטונדען, וויא זיסע שטראמען, פליסען
אין פרייד, אויף בעלער, ביז א נייער טאג
האט זיא ערוועקט פון איהר חלום זיסען,
וויא דער קלאנג פון א שטורם־גלאק!

*

זיא האט זיך אויפגעכאפט, און מיטווילדען צארען
אראפגעריסען פון קאפ איהר בלומענקרוין;
פרייהייט האט זיא דעם ארעמען פאלק געשווארען —
קעמפפען, לעבען, נור פיר איהם אליין!

*

זיא האט פערלאזען דיא וועלט פון רייכע גראפען,
אין פראסטע לאפטשעס און א סאראפאן
איז זיא אוועק צו אונטערדריקטע שקלאפען,
פרעדיגען האס צו דעם טיראן.

*

זיא איז אוועק צו דיא, וואס זעען, שניידען
פיר אונז דאס ברויט מיט זייער שוויס און בלוט,
און אליין נור קעלט און הונגער ליידען
און שטעהן פיר דעם רויבער אהן א הוט.

*

צו זיי האט זיא געבראכט דיא פרייהייטס-לעהרע
און האט מיט טרערען דערלאנגט דעם פאלק איהר האנד,
זיא האט אין איהם געוועקט זיין מענשענעהרע
גערופען איהם צום קאמפף, צום ווידערשטאנד!

*

אוועק זינד יאהרען, און זיא האט פערשטאנען
אז דאס ווארט איז שוואך, עס האט קיין ווערטה
אין דעם קאמפף מיט הערצלאזע טיראנען!
און זיא נעהמט אין האנד דיא פרייהייטס-שווערד!

*

זיא קעמפפט און גראבט א טיעפען שווארצען קבר
פיר דעם טיראן אין גאלדענעם פאלאסט. —
ווער האט, וויא זיא, די טיראניי געהאסט
מיט יעדען טראפפען בלוט, מיט יעדען אבר?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

*

אם ענדע איז דער ראבע־טאג געקומען,
פעראווסקאיא הויבט אויף איהר ווייסע טוך...
א באמבע דונערט... און אין בלוט פערשוואומען
שטירצט דער טיראן, פאלט מיט א ווילדען פלוך!

*

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זיא וואר דערוואַרגען פון געקרוינטען הענקער —
דאך איהר גייסט לעבט און ווירקט נאך יעצט,
פון הערצער עדעלע און פון פרייע דענקער
געליעבט, געאכטעט, בעוואונדערט און געשעצט.

*

זיא שוועבט פאר מיר, דיא געטין וואונדערשעהנע!
בעצויבערענד, ענטשלאסען, מילד און דרייסט,
און זיא ערפיהלט מיין הערץ מיט פערל ריינע
און בעפליגעלט מיין פערשקלאפטען גייסט!

*

איך הער איהר שטימע: „עס שרעקט מיך ניט דער היינגען,
ליעבע מוטער! מיט מיין טוידט אצינד
וועל איך מעהר דער פרייהייט נוטצען ברייגנען,
וויא מיט מיין לעבען. פארגיב דיין ארעמעס קינד!“

*

אה, זיסע ווערטער! אה, הייליגעס געזיכט!
לאז יעדער מענש דיך אין זיין הערץ פערשליעסען
און, וויא א פריהלינגס־זונן, וועסט דו זיין וועג בעגיעסען
מיט בלומענדופט און וואונדערבארעם ליכט!

# לואיזע מישעל.

---

צוואַרפען דיא גלענצענדע לאָקען
מיט מעכטיגען שווערד אין דער האנד,
האט זיא געקעמפּפט אונערשראָקען
געגען דער שקלאַפענשאַנד!

*

מיט א מוטה, א וואונדערבאַרען,
האט זיא געבויט באַריקאַדען
און האט דיא ביקסען געלאַדען
פיר דיא קעמפּפענדע קאַמונאַרען.

*

צווישען דאנערנדע קאַנאָנען
און פייער פון פולווער און בליי,
האט זיא געשטורמט דיא טראָהנען
פון דער הערשענדער טיראַניי!

*

פון דער בלוטיגער שלאַכטפעלד־טריבונע
מיט דעם שטאָלצען פאָלק פון פּאַריז,
האט זיא פּראָקלאַמירט דיא קאָמונע,
דעם פרייהייטס פּאַראַדיז!

*

דאך ניט לאנג האבען רויטע פאהנען
געפלאטערט אין פרייעם פאריז;
דער פיינד איז מיט מארד קאנאנען
בעפאלען דעם טרוימענדען ריעז!

*

עס פאלט דיא קאמונע... זיא בלוטיגט;
דאך וויט איז דער פיינד פון ערפאלג;
דער פרייהייטס־גייסט האט זיך מוטהיג
ערהויבען צום ליידענדען פאלק.

*

און טויזענדע בראווע קאמעראדען,
וואס ווארען אין קאמפף געשטירצט,
וואס האבען דיא באריקאדען
מיט הייליגע בלוט בעשפריצט.

*

לעבען נאך יעצט — און „נאך ראכע!"
רופט זייער שטימע מיט מאכט;
זיא רופט פיר דער הייליגער זאכע
צום לעצטען בלוטיגען שלאכט!

*

לואיזע מישעל איז געבליעבען
צו קעמפפען פיר פרייהייט און רעכט,
צו האסען טיראנען, און ליעבען
דיא עלענדע ליידענדע קנעכט. —

*

זיא פרעדיגט אונערשראקען:
„פרייהייט, גלייכהייט און ליכט״
און ציהט דיא אלארם גלאקען,
און וועקט אונז צו טאהן אונזער פפליכט!

*

פון דער הייליגער פאלקס־טריבונע,
פון ווילדע טיראנען פערפאלגט,
שרייט זיא: עס לעבע דיא קאמונע!
עס לעבע דאס ארבייטער פאלק!



# דער לעצטער סטרייק.

וויא לאנג, א וויא לאנג וועט איהר, ברידער, נאך סטרייקען
פיר דאס שטיקעלע שקלאפּענברויט?
וויא לאנג וועט איהר שמאכטען, וויא לאנג וועט איהר בלוטען
אין פינסטערניש, הונגער און נויטה?

*

וויא לאנג וועט איהר שטיין מיט א נאקעטען רוקען
אונטער'ן בייטש פון'ם טיראן,
און שווימען פון וויגעלע ביז צו דעם קבר
דורך א בלוטיגען אקעאן?

*

זאג מיר, דו מעכטיגע, רייכטהימער־שאפענדע,
אייזערנע ארבייטער קראפט:
וואס האלט דיך געבונדען? וואס צווינגט דיך פערבלייבען
ביי עטליכע רויבער פערשקלאפט?

*

וואס דארפסטו שמאכטען אין טענעמענט־הייזער,
וואו אויף דיר קוקענדיג ווייגען דיא ווענט?
דער גאלדערנער שליסעל פון פרייהייט'ס גן עדן
ליעגט דאך ביי דיר אין דיא הענד?

*

וואך אויף! און טרייסעל אראפ פון דיא שולטער
דעם טויזענד־יאהריגען שטויב!
מיט איין קרעפטיגען שטוים, צוזואלגער, צושמעטער
דיין תפיסה, דוא ארבייטער־לייב!

*

רוף צונויף דיינע שוועסטער און ברידער,
און אונטער דער רויטער פאהן
וועלען מיר אללע א סטרייק ערקלעהרען
דיא אויסבייטער, געלדזעק און טראהן!

*

מיר וועלען סטרייקען פיר פרייע ארבייט,
וואס ווייסט ניט פון הערר און קנעכט!
מיר וועלען סטרייקען פיר פרייהייט און גלייכהייט,
פיר דאס הייליגע מענשענרעכט!

*

מיר וועלען סטרייקען פיר א פרייע וועלט
אהן בלוטהינד, אהן מארד־אינסטרומענטען,
וואו פרייע ליעבע און דער פרייער פערשטאנד
וועלען זיין דיא פרעזידענטען!

*

וואו אלע מענשליכע פערגעניגען
וואס דיא וועלט קען געבען נור,
וועט יעדער פראנק און פריי געניעסען
אויפ'ן בוזים דער נאטור!

*

פיר דיעזען גרויסען אלוועלטליכען סטרייק,
פעראייניגט זיך ארבייטער מאסען!—
ווען איהר געווינט שוין דאס שקלאפענברויט,
בלייבען הונגעריגע אויף דיא גאסען!

*

און וואס טויג ברויט, ווען דיא הענד זינד אין קייטען,
און דאס הערץ איז פול מיט גאל?
אה ניין, נור פרייהייט קען מענשען רעטען
פון פינסטערען יאמער־טהאל!

*

צו איהר לאמיר שטרעבען! פיר איהר לאמיר קעמפפען
ווייל זיא אליין איז נור ווערט,
אז דער ארבייטסמאן זאל קושען איהר שטערן
און ציהען פיר איהר זיין שווערד!

*

נור לאמיר ברידער, פערשטעהן מיט קלארהייט,
וואס מיר ווילען, און וויא אזוי,
ניט „ברויט אדער ארבייט!”—טוידט אדער פרייהייט!”
דארף זיין אונזער געשריי

*

פארווערטס, ברידער! צום לעצטען סטרייק
אונטער דער רויטע פאהן!
זיין נאמען מאכט ציטערען אלע טיראנען
ער הייסט רעוואלוציאן!

# דער שניידער.

---

אט זיצט א שניידער אן אלטער
מיט ווייסע גרויע האר,
זיין שער און נאדעל האלט ער
שוין גאנצע פופציג יאהר.

*

ער זיצט אין דרייען געבויגען,
ער ארבייט טאג און נאכט,
מיט טרעהרען אין דיא אויגען,
נייט ער, זיפצט און טראכט...

*

„אוועק זיינען מיינע יאהרען
אין פינסטערניש און נויט!
דיא כוחות אין ארבייט פערלארען,
און האב דאך קיין רוה, קיין ברויט.

*

איך מוז הארעווען, מוז זארגען,
עס פלאצט אין מיר דיא גאל,
ווייל עס דארף האבען מארגען
דעם פראק א פראנט צום באלל.

*

דער פראק מוז אויף איהם ליגען,
זא גלאט, קיין קנייטש, קיין פלעק,
זאנסט קען דער שניידער קריעגען,
פון גוטען באס דיא סעק.

*

גלענצען מוז ער וויא א שטערן
אין פראק דער מאדנער העלד—
פון דעם ארעמען שניידער׳ס טרעהרען,
וואס וויים פון זיי דיא וועלט?

*

אט געהט דער שניידער ארעם,
צובראכען, שוואך און בלאס,
זיין ארבייט אונטערען ארעם,
זיין געזיכט פון טרעהרען נאס.

*

דער באס וויל ניט בעצאהלען,
דער ראק ליעגט עטוואס שלעכט:
„פון הונגער ווער געשוואלען
און ארבייט ווידער נעכט!"

*

דארט אין א שטוב א קאלטער,
דארט ווארט מען שוין אצינד,
אז ברויט ברייננט באלד דער אלטער
און א פעני פיר דעם קינד.

*

„איך קען מיין האלז נים שניידען,
דער באס גים קיין פּיאטאק,
נאך מוזט איהר הונגער ליידען,
א קנייטש איז דא אין פראק!"

*

איהר שמערץ קען דיא פרוי נים האלטען,
זיא וויינט, ווערט בלאס וויא טוידט,
דיא קינדער קוקען אויף דעם אלטען,
קוקען און בעטען ברויט...

*

אה מענשען רייכע, זאטע,
קוקט אייך צו נאר גוט!
אויף אייערע קליידער גלאטע
ליעגט דעם שניידערס בלוט!



# עלענד.

עלענד צו זיין—אה! וואס קען זיין שלימער?
עס ליעגט אויף דיין ברוסט א שטיין.
זעהסט טויזענדע מענשען און דאך פיהלסטו איממער,
אז דוא ביזט אליין... אליין!

דוא זעהסט, ווי דיא וועלט ווערט אין טרעהרען פערטרונקען
וויא דער פרייהייטס גייסט איז פערהאסט:
און עלענד שטעהסטו, דיין קאפף געזונקען,
וויא א ניט געבעטענער גאסט.

דוא האסט ניט פאר קיינעם דיין טרויער ענטדעקען,
אללעס דורשטעט יעצט געלד און בעטרוג,
דוא האסט ניט קיין פריינדליכע האנד, וואס זאל וועקען
דיין מוטה מיט א ווארעמען דרוק.—

דיין שטאלצער גייסט רייסט זיך העכער און העכער,
דאך בייגט זיך אין שטורם דיין גוף,—
און, וויא פון א טורמע א יונגער פערברעכער,
קוקסט דוא מיט טרויער ארוף.—

עלענד געהסט דוא דיין וועג פאראיבער,
דעם וועג פון דערנער און שטיין,
דוא צאפעלסט זיך אין דעם פרייהייטס פיבער,
דוא קעמפפסט און פאלסט אליין!

# דער פריהלינג.

דער פריהלינג איז געקומען,
דיא זאננע גלאנצט און לאכט,
פראכטפאל שמעקען דיא בלומען,—
אללעס האט אויפגעוואכט.

דיא נאכטיגאל זינגט, דיא שטערן
בעלייכטען דיא שעהנע נאכט,
און פריהלינג טרוימט זיך זא גערן—
איך וואנדער ארום און טראכט.

איך טרוים ניט, וויא גליקליכע דיכטער,
פון ווײן און פון ליעבע אין מאי,
אהן ווײן זיינען מיר ניכטער,
אהן ליעבע זיינען מיר פריי.

איך טראכט פון דיא שקלאפען-געצעלטען,
וואו אללעס איז פינסטער און שטום,
וואו מען זעהט נור זעלטען
א קראנקע, פערוועלקטע בלום...

וואס ווייס מען דארט פון א פריהלינג,
פון הייליגע לעבענספרייד?
מען שלאגט זיך ארום פיר א שילינג,
מען עסט דארט פערגיפטעטעס ברויט.

געזונקען אין אבערגלויבען
גלייבט מען אין גאט און אין שד,
מען לאזט זיך דריקען און רויבען,
מען שטארבט אויפ'ן שקלאפען־בעט.

קיין גאלדענע פריהלינגס שטראהלען
קומען אהין ניט אריין;
אין פינסטערניש לעבען און פאלען
די קינדער פון קעטען און פיין.

נאכטיגאל, זאנגענשיין, בלומען,
הייליגע שעהנע נאטור!
וויא זאל איך בעגריסען דיין קומען,
ווען דוא ביסט פיר דעם רייכען נור?

ווען איך זאל זעהן בליהען
יעדעס מענשליכעס הערץ ארום מיר,
איך וואלט מיט טרעהרען קניען,
הייליגע געטין פיר דיר!

דיינע שטראהלען און פארבען
וואלט איך בעזונגען מיט לוסט;
איך וואלט אויך גליקליך שטארבען
אויף דיין שטאלצע, מילדע ברוסט!

דאך יעצט, ווען טרעהרען פליעסען,
און דער גאט מאמאן
האט מיט זיין שווערד צוריסען
דעם פאלקס הייליגע פאהן.

ווען קייטען, בארבארישע קלינגען
אין דער „פרייער רעפובליק"—
זאג, וויא קען איך זינגען
דאס ליעד פון פרייהייט און גליק?



# אונזער אידעאל.

---

נאך ניט איין מאל וועלען מיר פאלען
אין קאמפף פיר אונזער אידעאל,
פון געגנער ביטערע פערלוימדעט,
פערפאלגט, פעראכטעט איבעראל.

*

ניט איין מאל וועלען „קלוגע ברידער״
פון אונזערע וואונדען מאכען שפאס,
אונזער ברודער־האנד בעגעגענען
מיט שלאנגען־גיפט און ווילדען האס

*

ניט איין מאל וועט דיא דומע מאססע
פון דעמאגאגען אנגערעדט,
מיט שמוטץ פערווארפען אונזער פאהנע
און קרייטציגען אונזער פראפעט.

*

ניט איין מאל וועט מען נאך **בעשאפען**
א שפאגעל־נייע שקלאפען־רוט,
און זאגען אונז: אט דאס איז פרייהייט,
נעהמט שנעל אראב פאר איהר דיא הוט!

*

דאך וועלען מיר געהן מיט אונזערע וועגען,
פון אונזערם טרעטען מיר ניט אפ,
ווען אויך פיר יעדען שריט צו פרייהייט
בעצאהלען מיר מיט אונזער קאפ!

*

מיר ווילען קיין רעפארם־גליקען,
דען גענען אונזער אידעאל
זיינען זיי, וויא יאהר־צייט ליכטלאך:
גענען א העלען זאנען־שטראהל.

*

האלבע פרייהייט איז קיין פרייהייט!
דאס איז פארפוצטע שקלאפען שאנד,
זיא ווערט זעטיגען אונזער מאגען
און ארעסטירען דעם פערשטאנד!

*

מיר ווילען אונבעגרענצטע פרייהייט,
וואו דאס געזעץ איז דיא נאטור,
וואו מיט א פולער ברוסט וועט אטהעמען
דיא ריינע מענשליכע קולטור!

*

וואו קונסט, וואו וויסענשאפט און ווארהייט
וועלען פיליכט צום ערשטען מאל,
פון זיך אראבווארפען דיא קייטען
און פריי ערהויבען זייער קול!

*

און וויא מען זאל אונז ניט פערלוימדען,
פערדאמען, דריקען איבעראל —
מיר געהען פארווערטס, איממער פארווערטס,
צור ליכט צו אונזער אידעאל!

# דער אידישער פּראָלעטאַר.

(געזונגען מיט'ן מאָטיוו פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליעד
„וויא זשערטוואַי פּאַלי...")

---

בּרידער מיר טראָגען א דרייפאַכע קייט —
אלס אידען, אלס שקלאַפען, אלס דענקער,
מיר ווערען געיאָגט און געמאַטערט צום טויט
פון אנטיסעמיטען און הענקער!

עס דריקט אונז אין רוסלאַנד דער ווילדער קאַצאַפּ,
און דאַ, אין דער פרייער מדינה
פאַרקערקערט מען אונז אין דעם פינסטערען שאָפּ,
וואו מיר בּלוטען בּיי דער מאַשינע!

דיא בּלומעלאַך יונגע, וואס פאַנגען ערשט אן
צו לאָזען דיא עדעלע קוויטען,
ווערען צוטראָטען פון געלדזוקער און טהראַן,
פערמאַטערט אין שקלאַפען־קייטען!

מען מאַכט אונז פיר בּעטלער, מען מאַכט אונז פיר קנעכט
מען ווערגט אונז, מען בּייגט אונז אין דרייען,
מען זאָגט אונז: אללעס דאַרף זיין פיר אייך רעכט,
און רויבּט מען אייך, טאָרט איהר ניט שרייען!

דאָך בּרידער, עס לעבּט נאָך דער הייליגער גייסט,
וואס מאַכט פיר א העלד אויך דעם שלאַפען,
וואס וואַרפט אום דיא קערקעס, דיא קייטען צורייסט
און בּעפרייט דיא פערמאַטערטע שקלאַפען!

ער וועט אונז העלפען, פון דרייפאכען פלוך:
דיא ארבייטער מאסע ערלעזען,
נור דאן וועט דיא מענשהייט איהר טאגע־בוך
אהן טרעהרען, אהן שאנד קענען לעזען!

ברידער, מיר מוזען דיא ליידענדע ערד
פון קייטען, פון טרעהרען בעפרייען!
שולטער אן שולטער, מיט פאנצער און שווערד,
פארווערטס אין דיא קעמפפענדע רייהען!

וואס שווערער דער קריעג, דאס זיסער דער זיעג,
דאס פראכטפאלער זיינען דיא פירות!
און ווער עס פאלט אין פרייהייטס־קריעג,
דער לעבט אין דיא קומענדע דורות!

וואס טויג אונז דאס לעבען אהן פרייהייט, אהן רעכט,
אונטערען בייטש פון טיראנען!
ביז וואנען וועלען מיר בלייבען נאך קנעכט
היימלאזע שקלאפען—ביז וואנען?!

ברידער, שווערט דיא פערבלוטיגטע ערד,
דאס פאלק פון טיראנען בעפרייען!
שולטער אן שולטער מיט פאנצער און שווערד,
פארווערטס אין דיא קעמפפענדע רייהען!

———

# אויף דער וואכע?

---

געקריינקט פון פיינד מיט גיפטיגע דערנער,
פון גוטע פריינד פערגעסען, פערלאזט—
וויא אויף דער וואכע אן אלטינקער זעלנער
שטעהט ער אליין אויף זיין הייליגען פאסט!

*

דיא נאכט איז פינסטער, עס רעגענט און האגעלט,
עס הערט זיך אין ווינד א ווילדער געוויין—
אך, וויא עלענד איז דער און פערוואגעלט,
ווער אין שטורם שטעהט אויף דער וואכע אליין!

*

אליין, פערגעסען פון פריינד און ברידער,
אליין, וויא א שיפעל אין שטורמישען מעער,
אט, אט ווארפט דיר דער שטורם אנידער
און פון דער האנד פאלט דאס געווער!

*

דאך ניין, ער דארף ניט, ער טאר ניט יעצט פאלען!
ער ראנגעלט זיך מיט שטורם און קעלט,
ער הויבט אויף דאס געוועהר, פייערט סיגנאלען...
און עס ענפערט איהם נור דאס עכא פון פעלד!

*

און עס פיללען זיך אן זיינע אויגען מיט טרעהרען,
דאס הערץ ווערט פערגליווערט אין ברענענדען פראסט
און ווען עס וועט אויפגעהן דער מארגען-שטערען
געפינט ער איהם טוידט אויף זיין הייליגען פאסט...

# וואכט אויף!

וויא לאנג, אה וויא לאנג וועט איהר בלייבען נאך שקלאפען?
און טראגען דיא שענדליכע קייט!
וויא לאנג וועט איהר גלענצענדע רייכטהימער שאפפען,
פיר דעם וואס בערויבט אייער ברויט?!

*

וויא לאנג וועט איהר שטעהען אייער רוקען געבויגען,
ערנידעריגט, היימלאז, פערשמאכט!
עס טאגט! וואכט אויף! עפענט דיא אויגען!
ערקענט אייער אייזערנע מאכט!

*

פרעדיגט דיא פרייהייט פון קאמפף באריקאדען!
ערקלעהרט דיא טיראנען א קריעג!
מוטה און ענטשלאסענהייט, בראווע קאמעראדען!
וועלען אייך פיהרען צום זיעג!

*

קייטען און טהראנען, אללעס מוז פאלען,
אונטער דעם ארבייטערס שווערד!
מיט דופטענדע בלומען, מיט גאלדענע שטראהלען!
וועט פרייהייט בעציערען דיא ערד!

און אללעס וועט לעבען, ליעבען און בליהען,
אין פרייהייטס גאלדענעם מייא!
ברידער געגוג פאר טיראנען צו קניען!
שווערט, דאס איהר מוזט ווערען פריי!

*

קלינגט איבעראל אין דיא פרייהייטס גלאָקען!
פערזאמעלט דיא ליידענדע קנעכט!
און קעמפפט בעגייסטערט, קעמפפט אונערשראָקען
פיר אייערע הייליגע רעכט!



# „מיין פריהלינגס־ליעד".

פיר דען „מארגענשטערען"

---

איך הער מען זינגט פון דער פריהלינגס זאנגע,
פון דער זיסער נאכטיגאל,
און איך זעה נור קאלטע פערפראדענע הערצער
און הער קייטען־מוזיק איבעראלל...

*

וואס איז מיר פריהלינג, וואס איז מיר בלומען?
דאס געניעסט יעצט נור דער טיראן!
ער לאזט נור איבער דיא גיפטיגע דערנער
פיר דעם ארעמען ארבייטס־מאן!

*

וואס וויים א שקלאף פון דעם זיסען פריהלינג?
פיר איהם איז נור שטורם און פרעסט,
נישט מיט געזאנגען, מיט זיפצען און קרעכצען
איז פולל יעדער ארבייטער נעסט.

*

עס וועט אויך קומען א מאל דעם ארבייטערס פריהלינג,
דער פריהלינג פון פרייהייט און ליכט,
ווען א שטראהל פון גליק וועט אויך פרעהליך שפיעלען
אויף דעם ארבייטערס בלאססע געזיכט!

*

ווען אויך פיר איהם וועלען בליהען דיא ראזען
און זינגען דיא נאכטיגאל,
און זים וועלען רוישען דיא גרינע וועלדער,
און דער זילבערנער וואסערפאלל...

*

ווען אויך דעם ארבייטערס פרויען און קינדער,
— און ניט דעם רייכענס נור —
וועלען געניעסען דעם זיסען גן־עדן
דער שעהנער, דער רייכער נאטור!

*

ווען יעדעס מענשליכעס הערץ וועט בליהען
מיט ליעבע, מיט הומאניטעט!
אך יענעם פריהלינג וועל איך בעזינגען
שוין ניט וויא א טרעהרען־פּאעט

*

איך וועל איהם בעגריסען, וויא דיא ערשטע ליעבע
א ליעבענדעס הערץ בעגריסט,
איך וועל איהם בעזינגען, וויא עס קען נור בעזינגען
א דיכטער און סאציאליסט!

*

איך וועל איהם בעגריסען און וועל גערן קושען
זיין יעדען הייליגען טריט...
אונד אין יעדעס הערץ וועט אבקלאנג געפינען
מיין ליעבע, מיין פריהלינגס ליעד!

# אלבערט פארסאנס.

„לאָז דיא שטיממע פון פאלק געהערט ווערען!"
(א. פארסאנס).

ער איז וויא א מעכטיגער אייכענבוים,
געשטאנען אין שטורם ווינד!
דיא פאלקס טריבונע וואר זיין היים,
דאס פאלק זיין ליעבלינג, זיין קינד.

*

קיינער האט וויא ער, ניט פערשטאנען
זא גוט דעם גייסט פון פאלק,
און קיינער וואר פון ווילדע טיראנען
זא אונערבארמליך פערפאלגט.

*

ער האט צום פאלק אין זיין שפראך גערעדט,
בענוצט איהם פערשטענדיגע וואפען,
ער וואר א קעמפפער, א פרייהייטס פראפעט,
פיר דיא ווייסע און שווארצע שקלאפען!

*

ער האט דיא שקלאפען־וועלט בערייזט
און מיט טרעהרען בענעצט איהרע קייטען,
איבעראל פלעגט זיין פרייער גייסט
דיא שטאלצע פליגעל פערשפרייטען!–

צווישען שטיין־ברעכער, שמידען און וועבער,
אין יעדער שקלאפען־געצעלט—
ער האט אין דיא מיינס פון קאהלען־גרעבער
זיין פרייע טריבונע געשטעלט!

*

אונטערען אפענעם הימעל, אין רעגען, אין פרעסט
האט ער דיא פרייהייט געפרעדיגט!
און מיט זיין דונערדען פראטעסט
דיא ליידענדע שקלאפען פערטהיידיגט!

*

ער וואר א מאראט אין דיא פלאמענדע רעדעס,
אספארטאקוס אין ווידערשטאנד,
א מאן פון פאלק, א שטענדיגער עדות
פון ארבייטערס טרעהרען און שאנד.

*

פיר זיין גייסטיגען אויג האט איממער געשוועבט,
דיא גרויסע רעוואלוציאן,
ער האט מיט איהר געאטהעמט, געלעבט,
מיט זיין בלוט געפארבט איהר פאהן!

*

ער האט אין דעם קלאנג פון קייטען געהערט
דעם קרעכץ פון פערוואונדעטער פרייהייט,—
וואס וואר אונטערדריקט פון'ם בלוטיגען שווערד,
געשענדעט פון מענשליכע נארהייט.

זיין הערץ וואר אן אפענער הייליגער בוך,
פון א ערנסטען קעמפפער און דענקער—
וויא ביטער, וויא גרויזאם דארף זיין אונזער פלוך
צו זיינע פערפאלגער און הענקער.

*

פאלק! ער האט דיך געליעבט אהן א שיעור,
מעהר וויא זיך, וויא זיין פרוי און קינד,
ער האט געלעבט און געשטארבען פאר דיר —
ענדיג זיין ארבייט אצינד!—



# דזשאן בראון.

---

געקרוינט מיט בלומען איז וואשינגטאן,
דער פאטריאטישער זעלנער,
און דער פרייהייטס־קעמפפער דזשאן בראון? —
ער בלוטעט אין גיפטיגע דערנער!

*

דער גאלגאן איז דיא קרוין פון דעם העלד
פון אמעריקאנער געשיכטע;
ער האט געזעעט אויפ'ן גייסטיגען פעלד
דער פרייהייט'ס הייליגע פריכטע.

*

עס האט געברענט אין זיין ליעבענדען הארצען
דער האס צו שקלאפען־שאנד;
ער האט דער ערשטער דעם קנעכט דעם שווארצען
דערלאנגט זיין ברודער־האנד.

*

ער האט מיט זיין פלאמענדער שטימע פערקינדיגט,
אז יעדער מענש מוז זיין פריי;
ער האט מיט זיין ליעבע צו פרייהייט געזינדיגט
געגען דער טיראניי.

*

מען האט איהם געפאנגען, מען האט איהם דערווארגען;
דאך באלד נאך זיין העלדישען טוידט
איז אויפגעגאנגען דער גאלדענער מארגען, —
געפאלען איז דעם ניגערס קייט.

פארבײ זײנען יאהרען... מען האט ערפונדען
א נײע שקלאפען־נעץ,
און יעצט זײנען מיר אללע געבונדען
פון ארדנונג און געזעץ...

*

צוזאמען מיט אונזער ברודער שווארצען
זײנען מיר פערקױפטע קנעכט,
דאך לעבט דזשאן בראון אין אונזער הארצען,—
דער גײסט פון פרײהײט און רעכט.

*

ער איז דעם קעמפפענדעם ארבײטער ליעב,
אלס א װאהרער אמעריקאנער,
װאס האט געקעמפפט פיר זײן פרײהײטס פרינציפ,
געשטארבען אין האנד מיט זײן באנער.

*

ער האט אונז געצײגט, אז פאלען און שטארבען
מוז דיא שקלאפערײ,
אז פעלקער פון אללע ראסען און פארבען
מוזען און װעלען זײן פרײ.



# לואים לינג.

---

ער שטעהט פאר מיר אין א שטראם פון ליכט
אויף דער וועלט'ס פערבלוטיגטער ביהנע,
עס רוהט אויף זיין וואונדער־שעהנעם געזיכט
דער פרייהייט'ס הייליגע שכינה.

*

וויא ברוטוס שטאלץ און אונערשראקען
איז ער געוועזן אין פרייהייטס־קריעג!
יונג און קרעפטיג, אין שווארצע לאקען,
מיט א שטארקען אדלער־בליק;

*

אין קאמפף — א לייב; אין זיין העלדען־ברוסט
האט א בלומען־הארץ געשלאגען,
וואס האט מיט דער הייליגסטער ליעבע געוואוסט
צו ליעבען אלץ וואס איז שעהן און ערהאבען!

*

וויא מעכטיג האט געדונערט זיין שטימע,
געבראנדמארקט דעם פאלשען געריכט!
וואס פאר וואהרהייטען ביטערע, שלימע,
געשליידערט דעם פיינד אין געזיכט! —

*

„טיראנען! איך האס אייך מיט אייער געזעץ,
מיט דיא פינסטערע סטאטוטען!
וואס פאנגען דאס ארעמע פאלק אין נעץ
און צווינגען איהם ליידען און בלוטען!

*

„איך זאג אייך אפען: איך גלויב אין קראפט,
אין קראפט פון דיא ארבייטער־רייהען!
געוואלד האט אונזער וועלט פערשקלאפט
און געוואלד וועט זיא בעפרייען!

*

„אויף אייערע בלוטיגע מארד־קאנאנען
וועלען מיר ענטפערן מיט דינאמיט!
מיר וועלען פערניכטען דיא קייטען און טראהנען
מיט אונזער גיגאנטישען שריט!

*

„איהר לאכט — איהר דיינקט: „ווארט, ברודער, ווארט,
מיר וועלען דיין שטימע דערשטיקען, צושטערען,"
דערשטיקט מיך, מערדער! א צווייטער וועט באלד
אויף מיין הייליגען פאסטען זיך שטעלען!

*

„און וועט פארטזעצען אונזער הייליגע זאכע
מיט מעהר פייער און אייזערנעם מוטה!
טיראנען! ער וועט פון אייך נעהמען ראכע
פאר אונזער אונשולדיגעם בלוט!

*

„איך פערדאם אייער מערדערשען פערזוך
דערשטיקען דיא פרייע דענקער,
איך האס אייך, איך שיק אייך א דריי־פאכען פלוך,
היינגט מיך דערפאר, איהר הענקער!...

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

צו איהם האבען ערמארדעט דיא אונטערדריקער,
אדער ער זעלבסט מיט זיין פרייער האנד,
האט צושמעטערט זיין שטאלצען קאפ אויף שטיקער —
דאס איז אונז אונבעקאנט. —

*

נור לינג איז ניט טוידט... אויף דיא קאמפף־באריקאדען
שוועבט נאך זיין גייסט! און איהר הערט,
וויא ער שרייט צו אונז: „פארווערטס, קאמראדען!
פארווערטס מיט פאנצער און שווערד!"

*

„אונזער רויטע פאהן מוז ווערען נאך רויטער
אין דעם לעצטען פרייהייטס קריעג,
דיא קברים פון קעמפפער זיינען הייליגע לייטער,
וואס פיהרען צו פרייהייט און גליק!"

*

אזוי זאגט צו אונז לינג, זיין שטיממע דונערט
און וועקט אונז צו אונזער פפליכט,
און דיא זון פון צוואנציגסטען יאהר־הונדערט,
שיינט אויף זיין שטאלצע געזיכט...

# היינטיגע מענשען.

היינט זינד דיא מענשען גאנצע וועלטען
פון חכמה, פון דומהייט, פון פרייד און שמערץ,
אבער זעלטען, אך זעהר זעלטען
געפינט מען א ווארעמעס מענשליכעס הערץ.

מיר האבען זעהר פיעל מאראליסטען,
מיר האבען געזעצע אויף יעדען שריט,
שרייבער, רעדנער, גלענצענדע איסטען,
נור מענשליכע הערצער... דאס האבען מיר ניט.

מענשען האבען דאס הערץ פערלארען
אין ווילדען יאגד נאך געלד און נאך רוהם,
מענשען זיינען שטיינער געווארען,
וואו גיפטיגע שלאנגען קריכען ארום.

* * *

ווארעמע הערצער, עדעלע, זיסע,
וויא שווער איז אהן אייך דער לעבענס וועג,
דיא וועלט איז א דולהויז, דיא וועלט איז א תפיסה,
אין כמארע פערלירט זיך דער הייליגער צוועק!

# צו מיין שוועסטער.

פיר דעם „מארגענשטערען".

(געווידמעט אן אללע מיינע פערשקלאפטע שוועסטער).

---

שוועסטער מיינע געענוג שוין דיר זארגען,
נישט אייביג וועט פינסטער זיין,
עס מוז דאך קומען דער ליכטיגער מארגען—
דער הייליגער זאנענשיין.

לאז רוישען דער שטורם... מיט זיין ווילדען כעס
קען ער דעם שוואכלינג ערשרעקען,
דאך אין אונז דארף ער נור האס,
נור מוטה צום קאמפף ערוועקען.

ליעבע שוועסטער! איך וויים עס איז שווער
אונזער הערצען וויינען פערווערען,
דאך זעה אליין, וויא קליין איז דיין טרעהר
געגען ים פון מענשליכע טרעהרען.

זאלען מיר דען וויא קינדער קלאגען
אויף דעם, וואס מיר לעבען שלעכט,
און ביז'ן קבר דיא קייטען טראגען,
וויא שוואכע געהארכזאמע קנעכט?!

אה, ניין! איך וויים, אין דיר בליצט שוין דער פייער,
וואס פלאקערט זא פריי אין מיין הערץ,
אויך דיר איז דיא פרייהייט הייליג און טהייער,
דוא פערגעסט צוליעב איהר דיין שמערץ.

צוזאממען מיט מיר וועסטו געהן אין שטורעם,
אין קאמפף געגען טיראניי,
און העלפען צוברעכען דעם אייזערנעם טהורעם
פון פינסטערנים און שקלאפעריי.

דוא וועסט ניט פערקויפען דיין יוגענד, דיין לעבען,
פיר בעללער שמאטעם און געלד,
דוא וועסט זיך ווידמען דעם הייליגען שטרעבען—
בעפרייען דיא ליידענדע וועלט.

דוא וועסט לעהרנען טריי דיא ברענענדע פראגע,
וואס ווערט „ארבייטער פראגע״ גענאנט,
דוא וועסט דאן בעגרייפען דיא שרעקליכע לאגע,
פון דעם פאלק אין יעדען לאנד.

דוא ווערסט פערשטעהען פון וואנען דיא לארדען
האבען גענומען דאס רעכט
פערנעהמען דאס לאנד, מיט צוואנגס־ארבייט מארדען
טויזענדער ארעמע קנעכט.

דוא ווערסט דאן געהן צו דיא ליידענדע שוועסטער
אין דער וועלט פון שווינדזוכט אונד נויטה,
אין טענעמענט הייזער, אין דיא פינסטערע נעסטער,
וואו דער לעבען איז ביטטער וויא טוידט.

דוא ווערסט מיט דעם פייער פון א ליעבענדען הערץ
א נייע וועלט פיר זיי ענטדעקען,
און דארט וואו עס וואהנט נור פערצווייפלונג און שמערץ
א הייליגע האפפנונג ערוועקען.

דוא ווערסט פון זיי בילדען נייע רעקרוטען
פיר'ן קעמפענדען פרייהייטס פאלק,
ווערסט לעהרנען זיי דענקען, קעמפפען אונד בלוטען
פיר דאס פערשקלאפטע פאלק.

און דאן ליעבע שוועסטער, ווערסטו ניט זארגען,
ווערסט ארבייטען העלפען דער צייט,
ברייננגען אם שנעללסטען דעם ליכטיגען מארגען,
ווען אללעם וועט ווערען בעפרייט.

נור דאס פאלק וועט דיר זיין הייליג און טהייער,
אין איהם דיין לעבען, דיין גליק,
און שטאלץ וועסטו שטעהען אין שטורם און פייער
פון דעם הייליגען פרייהייטס קריעג.

און ווען דער טאג דער פרייהייט וועט קומען,
וועט יעדער פראלאטאריאט
דיך קרוינען אין הערצען מיט גייסטיגע בלומען
און בעזינגען דיין העלדענטהאט.



# דער קינדער מערדער.

### איין אריגינעלעס בילד פון לעבען.

---

אין א קאלטע, פינסטערע ווינטער נאכט,
איז אין אפיס צום דאקטאר גראן
אריינגעקומען בלאס און פערשמאכט,
אן ארימער יונגער־מאן.

דער דאקטאר האט איהם געפרעגט וואס ער וויל,
ער האט געשוויגען א פאאר סעקונדען,
און האט מיט טרעהרען טרויעריג, שטיל
ענטדעקט פיר איהם זיינע וואונדען.

„איך בין ארעם, דאקטאר, שרעקליך ארעם!
איך האב א פרוי און קינדערלאך צוויי,
מיר לעבען אין איינעם אין דיא פינסטערע קברים,
וואו דיא וועגד זיינען בעדעקט יעצט מיט שניי״...

„איך בין אין א סטרייק שוין א מאנאט פיער
און קען קיין סענט ניט פערדיענען,
דער לענדלארד קומט יעדען טאג צו מיר —
איך געה שיעור אראב פון זינען.

„דאך דאקטאר איך בין ניט געקומען צו אייך
איהר זאלט א נדבה מיר געבען,
צוואר איך בין ארעם און איהר זייט רייך
דאך קיין בעטלער וואר איך ניט אין לעבען.

„אה, ניין! איך קום עטוואס אנדערש בעטען...
אה! וויא עס בלוטעט מיין הערץ,
דאקטאר! איך וויל איהר זאלט אונז רעטען
פון א נייעם אונגליק און שמערץ.

„ביז יעצט האבען מיר מיט צוויי קינדער געליטען
שרעקליכען הונגער און קעלט,
און ניך וועט מיין פרוי בריינגען א דריטען
אומגליקליכען שקלאף אויף דער וועלט.

„בריינגען אויף אייביגע שמערצען און ליידען,
אויף דעם בלוטיגען יאגד נאך ברויט,
איך וויל... איך מוז דיעזען אונגליק פערמיידען,
אה, דאקטאר, העלפט מיר אין נויטה.

„א שקלאפען קינד, חוץ קייטען און שמערץ,
וואס וועט איהם דיא וועלט געבען?
עס וועט פערשעלטען זיין פאטערס הערץ,
וואס האט איהם געגעבען דאס לעבען.

„עס ערוואַרטעט איהם דיא בעטלער שאַנדע,
דעם הונגערס אייזערנע רוט,
וואָס טרייבט פערקויפען צו דיא רויבער באַנדע
אונזער פרייהייט, אונזער בלוט.

„אַח, דאָקטאָר! עס איז נאָך צייט אַצינד
דעם פונק פון לעבען דערשטיקען,
צו וואָס זאָל נאָך אַן אונשולדיגעס קינד
דיעזע פינסטערע וועלט ערבליקען?"

פערטראַכט האָט דער יונגער דאָקטאָר גראַן
ארומגעשפּאַנט אין זיין חדר,
ער האָט בעטראַכט דעם אָרימען מאַן
אין זיינע צוריסענע קליידער.

זיינע שוואַרצע הענד, זיין בלאַסען שטערן,
זיין אָראָבגעלאָזענע קאָפּ,
און וויא עס קייקלען זיך גרויסע טרעהרען
פון דיא טרויעריגע אויגען אַראָב.

„יונגער מאַן, איך האָב מיטלייד מיט אייך,
איהר ווילט בעגעהן אַ גרויסען פערברעכען,
איך וואָלט געקענט אַרעסטירען אייך גלייך,
נור איהר זייט יונג, און איך רעכען —

„אז איהר וועט מעהר דערפון ניט דיינקען,
געהט צו דיא וואס זיינען רייך,
זיי וועלען אייך א פאאר דאלאר שיינקען
און האבען מיטלייד מיט אייך.”

אויף דעם בלאסען געזיכט פון ארימען מאן,
האט געשפיעלט איין איראנישער שמייכעל,
ערשטוינט איז געווארען דאקטאר גראן:
„דער מאן האט פערלארען זיין שכל!”

„געהן צו דיא רייכע! צו דיא רויבער פון ליכט,
צופיעל גיפט איז שוין אין מיין בעכער,
ניט מיך—דיא רייכע שלעפט צום געריכט,
זיי זיינען דיא וואהרע פערברעכער.

„פון אונזער בלוט זיינען זיי רייך!
און ווען ניט דיא דיקע, רייכע לארדען,
וואלט ניט געבעטען א פאטער ביי אייך
זיין אייגען קינד ערמארדען.

„געה צו דיא רייכע! איהר זייט ניט קיין שלעכטער
איך דאנק אייך, דאקטאר גראן!”
און מיט א בייסענדען געלעכטער
איז אוועק דער יונגער מאן.

וויעדער א קאלטע ווינטערס נאכט,
ביי א פייער אויף א דיוואן,
זיצט איבער א בוך פערטראכט
דער יונגער דאקטאר גראן.

פלוצלונג הערט ער א געשריי:
„עפענט דיא מהיר, דאקטאר גראן!"
און בלאס וויא דער טוידט בעדעקט מיט שניי,
לויפט אריין דער ארימער מאן.

„דאקטאר! פערלירט ניט קיין מינוט,
מיין פרוי, זיא שטארבט אוועק!"
דער דאקטאר נעהמט זיין ראק און הוט,
און זיי געהען שנעל אוועק.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין א קליינעם רום, ביי א שיין פון א ליכט
האט דער דאקטאר גוט בעטראכט —
א יונגע פרוי מיט א דארע געזיכט,
שווארץ וויא דיא פינסטערע נאכט.

נעבען איהר זיינען געלעגען צוויי קינדער
און האבען געציטערט פון קעלט...
אה, וויא גליקליך איז דער בלינדער
אין דיעזער פערראונגליקטער וועלט.

„וואס האט איהר דא מיט דער פרוי געמאכט!"
האט געשריען דאקטאר גראן,
„—איך האב צו איהר נעכטען א דאקטאר געבראכט",
האט געענטפערט דער ארימער מאן.

„ער האט מיר געזאגט, דאס ער וועט דאס קינד...
—דאך, דאקטאר, וואס איז יעצט מיט איהר?
—זיא און דאס קינר זיינען טוידט אצינד,
און דער שרעקליכער מערדער זייט איהר.

„אה, דאקטאר, רעטעט! רעטעט זיי!
—צו שפעט! עס איז אללעס פערפאלען!"
און דער עלענדער איז מיט א ווילדען געשריי,
טוידט צום באדען געפאלען.



# צום „מ׳שוגע׳נעם פילאזאף".

איך בין פערליעבט אין זיינע ציילען,
אין זיי לעז איך מיין אייגענעם שמערץ,
איך קען מיט זיי מיינע וואונדען היילען,
טרייסטען מיין ליידענדעס הערץ.

*

איך זעה אין זיי, וויא אין א שפּיעגעל
מיין לעבענס יאממערטהאל,
איך זעה דארט מיין גייסט מיט פערוואונדעטע פליעגעל,
וויא ער רייסט זיך צום זאננענשטראהל.

*

איך זעה, וויא עס צאפּלען זיך דארטען געדאנקען,
דיא זעלבע, וואס ליעגען האלב טוידט
אין מיין ארעמען הערצען, צובראכענעם, קראנקען
פון אייביגע ליידען און נויטה.

*

וויא זיי קומען צו איהם, דאס קען איך ניט זאגען,
דאך זיי זיינען מיינע, איך שווער!
פיללייכט האט צו איהם זיי דער שטורעם פערטראגען,
דיא וועללען פון רוישענדען מעער.

*

זיינע געדאנקען זיינען צושלאגען,
אויף טויזענדער ריינע אלמאזען,
ער קען מיט איינפאכע ווערטער אונז זאגען,
וואס מיר מיט קלינגענדע פראזען.

*

אלזא, איך דריק וויא א ברודער זיין האנד
און האף ער וועט אנטווארט מיר געבען,
וויא קומט עס, דאס ער איז אזוי גוט בעקאנט
מיט דיא שמערצען און קאמפף פון מיין לעבען.

*

זיין שרייבען ערפיללט מיר מיט האפפנונג און מוטה,
דאך קען איך זיך גוט ניט ערקלעהרען,
וויא קומט אין זיין טינטער מיין הערצענס בלוט?
וויא קומען צו איהם מיינע טרעהרען?



# דער 11טער נאוועמבער.

עס פלאטערען וויעדער דיא בלוט־רויטע פאהנען,
עס קלינגט דער פרייהייטס הייליגע שטים,
נאך א מאל וועט מען דעם פאלק דערמאנען,
דיא קעמפפער, וואס לעבען און שטערבען פיר איהם.

*

אין דער וועלט־געשיכטע וועלען מיר וויעדער
אויפמישען דיא מארטירער־בלאט,
וואס איז פריש נאך מיט בלוט פון אונזערע ברידער,
ערמארדעט פון געלדזאק, קירכע און שטאאט.

*

פינף גייסטער פערבלוטיגטע וועלען שוועבען
אויף דער פאלקס־טריבונע צווישען ליידענדע קנעכט,
און וועלען אונז מוטה אונבעזיגבארען געבען
צו לעבען און שטערבען פיר פרייהייט און רעכט.

*

זיי וועלען עראינערען אונז דיא צואה,
וואס זיי האבען דעם ארבייטער פאלק געלאזט:
„קעמפף פיר דיין פרייהייט! קיין שום חיה רעה
„דארף דיך ניט פערטרייבען פון הייליגען פאסט!“

*

„ניט שרעק זיך פיר הענקער מיט זייער תליה,
„קעמפּפט און קלינגט אין פרייהייטס גלאק,
„און זייט דיא אל־וועלטליכע שקלאפען מודיע,
„אז עס דעמערט שויז דער בעפרייאונגס טאג!"

*

און אויף ביידע ברעגען פון גרויסען אטלאנט,
וועלען דיא שקלאפען פון אללע נאציאנען
זיך רייכען פריינדליך דיא ברודער־האנד,
און שווערען צו פערניכטען קייטען און טהראנען...



# איך בין דאס שווערד, איך בין דער פלאם.

פרייַ נאָך היינריך היינע.

---

איך בין דאס שווערד, איך בין דער פלאם,
איך האב געקעמפפט, און וויא א שטערען
האב איך בעלייכטעט דעם שטורם־ים
פון מענשען־בלוט און מענשען־טרעהרען.

*

איך האב אייך צום פרייעם קאמפף געוועקט,
דאך שווער איז אהן אפפער צו זיעגען:
מיט וואונדען בלוטיגע בעדעקט
זעה איך שלאכטפעלד קעמפפער ליעגען.

*

נור איצט איז ניט קיין צייט פאר טרעהרען,
מיר מוזען קעמפפען אויף דאס ניי,
ביז מיר צושמעטערען, צושטערען
דיא וויסטע וועלט פון שקלאפעריי!

*

פערליערט ניט ברידער, האפנונג, מוטה —
פון שלאכטפעלד איז א שאנד אנטלויפען;
ווען אויך מיט'ן לעצטען טראפען בלוט
מוז מען דער מענשהייט פרייהייט קויפען!

*

פערגעסט דיא אלטע שווערע וואונדען,
וויא פינסטער זאל דיא נאכט ניט זיין,
אם ענדע מוז זיא דאך פערשווינדען
און געבען פלאץ פיר זאננענשיין.

*

לאז רוסלאנד אונז אלס בייׁשפּיעל דיענען,
דארט פאלען אפּפער אהן א צאהל,
דאך וועט איהר אימּמער דארט געפינען
א קעמפּפער גרייט פיר ברוטום ראל!

*

דארט וועלען נאך פיעלע אפּפער פאלען,
דאך פאלט דארט ניט דער העלדענמוטה —
ער פלאנצט דיא פרייהייטס אידעאלען
מיט הייליגע מארטירער־בלוט...

*

וואכט אויף אה, ברידער, מיט שווערד און פלאם,
קומט אללע מיט אין דיא קעמפּפערס רייהען!
און ווען אויך מיר פאלען אין דעם שטורעם־ים,
מיר וועלען דאך דיא וועלט בעפרייען!...

---

# בלומען און שטערען.

---

איך בין פערליעבט אין א שניי ווייסע בלום,
ווען איך זעה איהר ניט ווילט זיך מיר קלאגען,
און וויא איך דערזעה איהר ווער איך זא שטום,
דאס איך קען קייןווארט ניט זאגען.

*

ווען עס קומט דיא נאכט און עס איז שטיל אומעטום,
אין הימעל שיינען דיא שטערען,
דאן געה איך אין גארטען צו מיין שניי־ווייסע בלום —
צו זעהן איהר בין איך גערען.

*

פון הימעל שיינט דיא שעהנע לבנה,
זיא זעהט מיין ליעבע, מיין שמערץ,
זיא איז ניט זא שטאלץ וויא דיא גאלדענע זאננע,
און האט מיטלייד מיט מיין הערץ.

*

זיא זעהט, וויא איך וואנדער אין גארטען ארום
און בענעץ דארט דיא בלומען מיט טרעהרען,
און זיא זאגט: צו וואס ליעבסטו דיא אירדישע בלום,
ווען עס גיבט זא פיעל הימלישע שטערען.

*

דיא אירדישע בלומען זיינען זעהר צולאזען,
זיי האבען גאר קיין מאראל,
זיי ליעבען הייטע דיא שעהנע ראזען
און מארגען דיא נאכטיגאל.

*

און איבערמארגען א גאלדענע פליג,
און פערגעסען דיא שעהנע ראזען,
פערגעסען דיא נאכטיגאל׳ם זיסע מוזיק —
יא, דיא אירדישע בלום איז צולאזען.

*

ליעב דיא שעהנע, דיא ליכטיגע שטערען,
זיי זיינען זא גוט, זא טריי,
זיי װעלען ניט נארען, זיי װעלען ניט שטערען
צו זיין פערנינפטיג און פריי.

*

זיי װעלען דיר זינגען א הייליגעס ליעד,
װאס געטטער און ענגלען נור הערען,
דיא אירדישע בלומען פערשטעהען דיך ניט,
קום צו דיא גאלדענע שטערען.

*

זיי װעלען דיך ליעבען, זיי װעלען דיך קיסען,
זיי װעלען דיין טרויער צושטערען,
און װעסטו פון זעליגקייט טרעהרען פערגיעסען,
דאן װערט פון זיי הייליגע שטערען.

*

וואס וועלען בעלייכטען מיט בליצענדע שטראהלען
פיר עלענדע מענשען דעם וועג,
און אין דער פינסטער ניט לאזען זיי פאלען —
פיהרען צו א הייליגען צוועק.

*

און ווען דוא דערצעהלסט פון דיא אירדישע וועגען,
וואו בלוט ווערט פון מענשען געזויגען,
דאן וויינען דיא שטערען און א גאלדענער רעגען
שפריצט אויס דיא הימלישע אויגען.

## וואר היי ט.

*

קום מיט מיר ליעבער צו דיא גאלדענע שטערען,
דוא ביזט זא בלאס און זא מיעד,
אויף מיין שניי־ווייסע ברוסט וועסטו רוהען און הערען
דיא זיסע דיא הימלישע ליעד.

*

און ווען עס וועט ווערען דיר אומעטיג זיצען
אין רוהיגען הימעל־געצעלט,
דאן רוף איך דעם שטורעם, דעם דונער און בליצען,
און דוא פיהלסט אללע שמערצען דער וועלט.

*

זא זאגט דיא לבנה, און וויא א קינד אין א וויגעל
אין מיין ברוסט ווערט איינשלאפען מיין שמערץ,
און איך זעה אין מאנד וויא אין א זילבערנעם שפיגעל,
דאס ליידענדע מענשליכע הערץ.

# וואהרע און פאלשע העלדען.

---

שרייבער, רעדנער, פיליאזאפען,
פיר דען גרויסען הייליגען צוועק —
צו בעפרייען אללע מענשען,
שיטען ווערטער גאנצע זעק.

*

מאנכע האנדלען אויך מיט ווערטער
און פערקויפען זיי דער וועלט,
איינער פיר אפלאדיסמענטען
און דער אנדערער פיר געלד.

*

דאך דער וואהרער זאהן דעם פאלק'ס
ניט צום ווארט—ער גרייפט צום שווערד,
און פיר זיינע ברידער שקלאפען,
קעמפפט ער מוטהיג וויא א העלד.

*

און ער זוכט קיין מאנומענטען,
קיין פערזענליכען ערפאלג,
גערען לייךעט ער און בלוטעט —
אללעס, אללעס פיר דאס פאלק.

*

פיינדע ווארפען אין איהם שטיינער,
פון איהם לאכט דער זאטער נאר,
דאך דער העלד געהט איממער פארווערטס,
איממער פארווערטס אין געפאהר.

*

אין זיין האנד דיא פרייהייטס־פאהנע,
אין זיין ברוסט א ווארעמעס הערץ,
פול מיט ריינע מענשען־ליעבע,
פול מיט טיעפען האס און שמערץ.

*

אין דער שווארצער נאכט און שטורעם,
וויא א שעהנער זאננען־שטראהל,
בליצט און שיינט פיר זיינע אויגען
זיין געליעבטער אידעאל...

*

קעמפפענדיג ארבייט ער פיר דיא מענשהייט,
און זיין קבר בלייבט אליין —
בלייבט אליין אהנע שעהנע בלומען,
אהן א רייכען מארמאר־שטיין.

*

דאך עס קומען שוין דיא צייטען,
ווען דאס פרייע פאלק דער וועלט,
מאכט אונשטערבליך איהרען וואהרען
זעלבסט בעוואוסטען מענשען העלד...

*

און פון אללע פאלשע העלדען,
פון געזיכט דיא מאסקע פאלט,
און זיי צייגען זייער שווארצע,
זייער העסליכע געשטאלט...

*

דאן מיט שאנדע שטירצען ניעדער
אללע שמוציגע פיגמיען,
אייביג לעבט דער וואהרער קעמפפער
פיר דיא הייליגע אידעען.



# דער וואנדערער.

---

איך האב אויסגעוואנדערט דיא גאנצע וועלט
און ניט געפונען קיין ארט,
וואו עס זאל ניט הערשען שווינדעל און געלד,
צוזאמען מיט רויב און מארד.

וואו פרייע ליעבע זאל ניט זיין פערבאטען —
דאך פריי פראסטיטוציאן,
וואו ארבייטער זאלען ניט זיין געטראטען
ביי פאליטיקער, געלדזעק און טהראן.

איך האב ניט בעגעגענט קיין איינציגע שטאדט,
וואו מערדער, גנבים און שקלאפען
זאלען ניט גלויבען אין קירכע, אין גאטט
מעהר וויא דיא פרומע פפאפען.

איך האב ניט געפונען קיין זשארגאנישע בלאט,
וואו מען זאל זיך ניט פאטשען, ניט קריעגען,
און עס זאל ניט זיין א העלדענטהאט —
צו האלטען מלחמה מיט פליעגען.

איך האב ניט בעגעגענט צווישען פרייהייטס בלומען,
זאל ניט זיין אויך בלאסע און מיסט...
און אז פאראזיטען, און מענשעלאך דומע
זאלען ניט שימפפען אויף אן אנארכיסט.

איך האב ניט בעגעגענט דיא וואס פרעדיגען ווארהייט
זאלען זאגען דיא ווארהייט אליין,
וואו ביזטו מענשליכקייט! ליעבע און פרייהייט!
דיא וועלט איז זא העסליך־געמיין.



# מוטער און קינד.

אויף דעם פינפטען פלאר אין א שמאלינקען חדר,
ביי דעם דונקעלען שיין פון א ליכט,
זיצט א יונגע פרוי אין צוריסענע קליידער,
מיט א טרויעריגע, בלאסע געזיכט.

*

זיא זיצט, איהר דארען קערפער געבויגען,
איבער איהר קראנקען קינד,
זיא גיט איהם, מיט טרעהרען איהר ברוסט צו זויגען,
דאך ניט מילך,—זיא האט גאל דארט אצינד.

*

דאס קינד געהט אוים פון הונגער, פון שמערץ,
עס שטארבט — „אוי, ווי איז מיר ווינד!"
דיא מוטער וויל שרייען, פערקלעמט איהר דאס הערץ—
און זיא חלשט ביי איהר שטערבענדען קינד.

*

עס איז שטיל אין צימער טרויעריג רוישט נור דער ווינד
און אזוי וויא א פריינד א גוטער
בעוויינט ער אליין דאס אונשולדיגע קינד
און זיינע אונגליקליכע מוטער.

פלוצלונג קלאפט מען אין טהיר אז עס ציטערען דיא וועגד
עס לויפט אריין דער לענדלארד פון הויז —
„וואס זייט איהר דארט טויב! בעצאהלט מיר מיין רענט!
ניט, ווארף איך אייך פון צימער ארויס".

*

ניטא קיין אנטווארט, שטיל געהט אוים דאס ליכט...
אט פלאקערט עס נאך אמאל אויף
און בעלייכטעט א פערמאטערטע טוידטע געזיכט,
און דאס קינד אין דעם אייביגען שלאף.

*

דער לענדלארד בלייבט שטעהן פיר דעם שרעקליכען קרבן
ער נעהמט דיא פרוי פאר דיא קאלטע הענד,—
„זיא איז טאקע, אפנים, פון הונגער געשטארבען,
„ווער וועט מיר בעצאהלען מיין רענט?!

*

אין צימער איז פינסטער, טרויעריג בלאזט דער ווינד
איבער דיא אפפער פון הונגער און נויטה.
רוהיג שלאפט דיא מוטער מיט איהר אונשולדיגעם קינד
אונטער דיא שווארצע פליגעל פון טוידט...



# דער פאל פון דער באסטיליע.

הערט וויא עס דונערט, עס שטורמט און קראכט —
דאס פאלט דיא באסטיליע, דיא שרעקליכע מאכט
פון פראנקרייך׳ס געקרוינטע באנדיטען.
דאס פאלט דיא באסטיליע דיא בלוטיגע וועגד.
וואו יעדער שטיין איז אן עדות, א וועלט מאנומענט
פאר דיא, וואס האבען פאר פרייהייט געליטען.

*

אין ווילדער פערצווייפלונג, אין בלוט און אין פלאמען
שטעהען דיא ליידענדע שקלאפען צוזאמען —
דיא קינדער פון הונגער און נויטה.
זיי ברעכען דעם טראהן פון דיא הערשענדע היינקער
דעם פינסטערען קערקער פון מענשליכע דיינקער —
דעם גיהנום פון שרעקען און טוידט.

*

עס האט שוין געשלאגען דיא שטונדע פון ראכע,
ווען שוואך זינד דיא שטארקע און שטארק זינד דיא שוואכע
אין זייער גערעכטיגען צארן.
עס פאלט דיא באסטיליע, עס שטורמט און קראכט,
דאס פאלק האט ערקענט זיין געוואלטיגע מאכט,
טיראנען, איהר זייט יעצט פערלארען.

*

איהר קענט מעהר ניט שיסען אין פאלק מיט קאנאנען,
און זיצען זיך רוהיג אין גאלדענע טראהנען,
און טרינקען דאס בלוט פון דעם פאלק.
איהר מוזט פון דיא רייכע פאלאסטען אנטלויפען;
פיר געלד וועט איהר יעצט מעהר קיין שקלאפען ניט קויפען.
שווינדלער האבען דא מעהר קיין ערפאלג!

*

עס ליגט אין רואינען דער פינסטערער טהורם —
און יעצט הויבט זיך אויף א געוואלטיגער שטורם
אויף דער שווארצער באסטיליע דער וועלט!
דארט, וואו א ברודער ערמארדעט דעם צווייטען,
דריקט איהם, בערויבט איהם און שליסט איהם אין קייטען,
פערקויפט איהם פאר לוקסוס און געלד.

*

אין דיא הייליגסטע פפליכט פון מענשליכע פפליכטען —
אה, פאלק! — איז צערברעכען, פערברענען, פערניכטען
דיזע שווארצע באסטיליע דער ערד!
ערוועק דאך דיין גייסט, דיין קראפט, דיין צארן —
דער מענש איז פיר ליעבע, פיר פרייהייט געבארען —
פארווערטס מיט פלאם און מיט שווערד!

*

פארווערטס אין קאמפף, מיט געוואלטיגען שטורם,
שטירצט דיא באסטיליע פון פינסטערן טהורם,
לאז פרייהייט בעלייכטען דיא ערד!

# דער ארבייטער.

(נאך נעקראסאוו)

---

שנעל לויפען דיא רעדער, ווילד קלאפען דיא מאשינען
אין שאפ איז זא שמוציג, זא הייס,
דער קאפ ווערט פערטומעלט, אין די אויגען ווערט פינסטער
פינסטער פון טרעהרען, פון שוויס.

*

גענוג שוין איך גיסען, איהר ביטערע טרעהרען,
איהר מאכט אויף מיין ארבייט א פלעק,
און ווען עס דערזעהט נור דער גזלן דער פארמאן —
ער טרייבט מיך פון דאנען אוועק.

*

וויא זאל מען דעם פארמאן מקנא ניט זיין
זעהט וויא ער איז פעט און וויא רויט,
ער זויפט נור זיין ביער און רייכערט זיין סיגאר —
וואס וויים ער פון הונגער, פון נויטה.

*

ער שמייכעלט דעם באס און וויא א ווילדע חיה
פאלט ער ארויף אויף דיא קנעכט,
ער צאפט זיי דיא בלוט און בייגט זיי אין דרייען
און בלייבט דערצו איממער גערעכט.

*

איך פיהל שוין ביי זיך קיין גאנצען אבר,
צובראכען, צודריקט איז מיין ברוסט,
איך קען ניט פון וועהטאג מיין רוקען איינבויגען,
ביי נאכט לאזט ניש שלאפען דער הוסט.

*

וואו ביסטו פערשוואונדען, מיין גאלדענע יוגענד,
וואו ביסטו מיין בליהענדע קראפט,
פארוואס שלעכטע מענשען האט איהר מיך פון קינדהייט
ערמאטערט, געווארגען, פערשקלאפט!

*

דאך וואלט איך ניט קלאגען אויף מיין אייגענער לאגע,
איך וויים דאס דיא צייט איז ניט ווייט,
ווען רוהיג וועל איך שלאפען אין מיין פינסטערן קבר
פון שמערצען, פון קייטען בעפרייט.

*

נור ווען איך דערמאן זיך אן מיין פרוי, מיינע קינדער
דאן ברעכט מיר מיין הערץ פון געוויין —
ווער וועט זיי בעשיצען, ווער וועט זיי ערנעהרען,
זיי בלייבען אין וועלט גאנץ אליין!

*

איך זעה זיי וויא יעצט שוין פערהונגערטע, בלאסע
ביי דער טהיר פון א רייכען מאגנאט:
די פרוי בעגיסט זיך מיט ביטערע טרעהרען,
זיא ציטערט פאר דעם הערר וויא א בלאט.

*

זיא בעט ביי איהם הילפע, זיא בעט איהם דעם רוּבער
מיט א קינד אויף דיא הענד פאר איהם קניעט—
דער הונגער איז שרעקליך און בעצאהל ניט דעם לענדלארד
דאן ווארפט ער ארויס אויף דער סטריט.

*

איך הער וויא ער זאגט איהר: „מיר ווייסען איך שנארערס,
וואס קומט איהר אונז דולען דעם קאפּ"!
און ער טרייבט זיא ארויס מיט דיא וויינענדע קינדער
דער מערדער... אה, ניין—פילאנטראפּ!

*

אה, ארבייטער לעבען, אה, שרעקליכעס לעבען
דיין שמערץ איז אהן א גרונד, אהן א ברעג,
אין דיינע בלוטיגע וואונדען זיצען גיפטיגע שלאנגען,
וויא א קבר איז פינסטער דיין וועג

*

שנעל לויפען דיא רעדער, ווילד קלאפּען דיא מאשינען,
אין שאפּ איז זא שמוציג, זא הייס,
דער קאפּ ווערט פערטומעלט, אין די אויגען ווערט פינסטער
פינסטער פון טרעהרען, פון שווייס

*

דער פארמאן לויפט ארום וויא א ווילדע חיה,
ער טרייבט צו דער שחיטה דיא שאף —
אה, ווי לאנג וועט איהר ווארטען, ווי לאנג וועט איהר דולדען
ארבייטער ברידער, וואכט אויף!

# מערץ־בילדער.

---

פון שרעקליכען קאמפף, פון בלוטיגען קריעג
איז רויט דער מאנאטה מערץ,
א בלוטיגער פאל, א בלוטיגער זיעג —
עס בלוטעט דאס מענשליכע הערץ.

*

פראנקרייך! דוא שעהנעס, דוא פלאמענדעס הערץ
פון אללע רעוואלוציאנען,
מיט דיין מוטה איז געקרוינט דער מאנאטה מערץ
עס הילכט מיט דיינע קאנאנען.

*

פאריזער קאמונע! דיין געטליכעס בילד
רופט פיר דיא טוידטע נאך ראכע,
און זינד דיא טיראנען נאך זא ווילד,
דאך לעבט דיין הייליגע זאכע.

*

עס לעבט דיין פרייער, דיין הייליגער גייסט
פיר נייע בליהענדע דורות,
צושמעטערט דיא קערקערס, דיא קייטען צורייסט,
און ברייננט אונז ערקוויקענדע פירות.

*

און עס וועט נאך קומען א געוואלדיגער מערץ —
דיא מענשהייט קען איהם ניט פערמיידען,
ווען דאס בעפרייטע, דאס מענשליכע הערץ
בעצאהלט פיר זיין עוויגעס ליידען.

*

עס פאלען נאך פיעלע, נאך פיעלע קרבנות
אין קאמפף פיר פרייהייט און רעכט,
און זא וויא דער הערדשער האט יעצט קיין רחמנות
וועט אויך איהם ניט וויסען דער קנעכט.

*

דאך וועט אם ענדע גערעכטיגקייט זיעגען,
פערגעסען ווערט פולווער און בליי,
פערגעסען דיא בלוטיגע, שענדליכע קריעגען —
דער מענש וועט זיין מענשליך און פריי...



# דער 13טער מערץ.

---

רוססלאנד ! אונגליקליכעס, פינסטערעס לאנד
פון עוויגען טרויער און שמערץ,
דעם טיראן האט געשטירצט דיין מעכטיגע האנד,
אין דעם רויטען מאנאט מערץ.

*

מיט א שענדליכען טוידט איז געפאלען דיין הענקער,
און דיא ירושה צום זאהן,
וואר מארד פיר פרייע קעמפפער און דענקער,
פיר אללע פיינדע פון בלוטיגען טהראן.

*

רוסישע קעמפפער פיר ליעבע און פרייהייט,
ווער האט אין קאמפף פיר זיין פאלק
געצייגט זא פיעל אייזערנעם מוטה, זא פיעל טרייהייט,
ווער וואר זא געקוועלט און פערפאלגט.

*

זייער בלוט ווערט געטרונקען פון יעדען וואמפיר,
מען פערשטיקט זייער ווארט און געשריי,
אין שווארצען קערקער, אין וויסטען סיביר,
געמאטערט, בעגראבען אין שניי...

*

דאך פרייהייט פערניכטען מיט דעם עשאפאט
איז, טיראנען! א ביטערער טעות —
עס קלאפט שוין אין טהיר צום צאר אידיאט
דער בלוטיגער מלאך המות.

*

און ניט עוויג בלייבט רוסלאנד אהן פרייהייט און רעכט,
דיא מענשהייט וועט נאך זעהען
וויא עס בעפרייט זיך דער רוסישער קנעכט,
און דיא פרייע פאהנע וועהען.

*

ברידער און שוועסטער! דעם דיכטערס פערלאנגען,
איז א שעהנער, א בליהענדער מערץ,
אהן בלוטיגען קאמפף, מיט דיא זיסע געזאנגען,
וואס ערפרייען דאס מענשליכע הערץ.

*

א בליהענדער מערץ מיט ליעבע און פריעדען
מיט בלומען און זאננענשיין,
וואו אללע מענשען גליקליך, צופריעדען
א פרייע פאמיליע זיין...

---

# פון היינע.

(פריי בעארבייטעט).

---

איך געדענק דיא שטונדע זיסע,
וועז דוא ביזט צו מיר געקומען
און האסט אין מיין קליינער תפיסה
מיט געבראכט מאיאווע בלומען.

*

שעהנע, רייצענדע פרינצעסען,
דוא אליין האסט דעם פאעט
אין זיין עלענד ניט פערגעסען
קרוינען מיט א מאי בוקעט.

*

לאנג איז שוין דיין בלום געשטארבען
דאך איהר פארב, איהר רויטעם פארב
האט דיא צייט נאך ניט פערדארבען
און זיא לעבט אויך ווען איך שטארב.

*

דיא בלאסע וואסער ליליע
טרוימט ביי דעם בלויען מעער,
דער מאנד קוקט פון דעם הימעל ארונטער
און קושט איהר פערל־טרעהר.

*

פערשעמט לאזט זיא איהר קעפּזל
אראפּ צום אקעאן,
און ביי איהרע פיס זעהט זיא ליעגען
דעם הימלישען דאן זשואן.

*

ווען איך הייראטה וועל איך שטרעבען,
אז מיין פרוי זאל פּראכטפאל לעבען,
וואס זיא וועט ניט טהאן, ניט זאגען
וועל איך העפליך איבערטראגען.

*

דאך, ווען זיא וועט זיך ערלויבען
מיינע ווערק אמאל ניט לויבען,
מיך ניט קריינען אלס פּאעט
רוף איך תיכף זיא צום גט.

---

# אויפ'ן שלאכט פעלד.

עס שרעקען מיר ניט מיינע טרעהרען און וואונדען
איך שטעה פון קינדהייט אין שטורמווינד,
דאך, שיקזאל, דוא האסט מיך דיא הענד געבונדען,
דוא האסט מיך בערויבט מיין פעדער אצינד.

דוא האסט מיר מיין איינציגע וואפע ענטריסען,
און וויא א פערוואונדעטער זעלנער אין פעלד,
ליעג איך יעצט עלענד, און זעה מיין בלוט פליסען,
שטיל אויף מיין אלטע, צובראכענע שווערד.

איך ליעג און הער, וויא דיא וואפען קלינגען,
עס שוועבען דיא פאהנען אין בלוטיגען דאמפף,
מיין הערץ רייסט זיך, אה! ווער קען מיר צווינגען,
ניט ווארפען זיך אויף דאס ניי אין קאמפף?

אה, ניין! איך מוז זיך ווידער שטעלען
אויף מיין אלטען פאסט און מיט'ן שווערד אין האנד
בעגייסטערען דיא רויטע רעבעלען
צום בלוטיגען קריעג געגען שקלאפען שאנד.

———

# דער רויטער זעגעל.

איך זעה א רויטען זעגעל
מיט זילבערנעם שוים בעשפריצט,
ער לויפט צווישען שטורמישע וועללען,
עס קראכט, עס דונערט און בליצט.

אונטער דעם רויטען זעגעל
זעה איך א פראלעטאר,
מיט זיין אייזערנע האנד אויף דעם רודער
שטעהט ער שטאלץ אין געפאהר.

איהם שרעקט ניט דער ווילדער שטורעם,
איהם שרעקט ניט דער פעלזען־שטיין,
ער טרעפט מיט זיין פייל אין דיא ברוזים
וואס קריצען אויף איהם מיט דיא צייהן.

זיין גייסטיגער בליק איז געריכטעט
אויף דעם אינזעל וואס „פרייהייט" הייסט,—
אהין, וואו דער מענש וועט געפינען
זיין גליק, זיין ליעבע, זיין טרייסט.

און ווען טויזענדע פעלזען און שטורמען
בעגעגענען איהם אויף זיין וועג,
מיט זיין ברוסט אויף דעם רויטען זעגעל
וועט ער ערדרייכען דעם ברעג.

ער וועט ערדרייכען דעם אינזעל
פון פרייהייט, פון מענשענגליק,
און אויף'ן בעזיעגטען שטורעם,
ווארפען מיט שטאלץ זיין בליק.

פארווערטס מיין רויטער זעגעל!
דיא ווארהייט איז דיין פאסאזשיר,
פיראטען, שטורמען און פעלזען
אללעס בעזיעגסט דוא מיט איהר.

פארווערטס פראלעטאריער!
דו האסט נאך טויזענדע פריינד,
מיט דיין אייזערנער האנד אויף דעם רודער
וועסט דוא בעזיעגען דיין פיינד.

# „איין אלטע געשיכטע".

איך האב זיא בעמערקט ביי א גאז לאנטערן
זיא איז געווען א יאהר זיבעצעהן אלט,
שווארצע אויגען, א שניי־ווייסער שטערן,
צו ווארפענע לאקען, א שלאנקע געשטאלט.

נור איהר טואלעט איז ארעם געוועזען,
און אויף איהר געזיכט, געפארבט וויים און רויט,—
האב איך מיט ביטערען טרויער געלעזען,
קויף מיך! איך הונגער, איך האב ניט קיין ברויט.

עס האבען געראלט פערביי אונז קארעטען
מיט רייכע דאמען, געשיינט האבען זיי
אין זיידענע קליידער, אין טהייערע העטען,
אין פוטער וויים, וויא געפאלענער שניי.

איך האב בעטראכט מיט ברענענדען צארן
דיא רייכע הורען מיט דעם טיטעל „ווייב"
און דיא, וואס איז אויף דער סטריט געפראהרען
געצוואונגען דורך הונגער פערקויפען איהר לייב.

מיין הערץ האט געשטורמט... דאך פלוצלונג אה געטער
וואס זעה איך? דעם אפפער פון הונגער און שאנד
האט א פאליסמאן, א געזעלשאפטס־רעטער
געכאפט... זיא ציטערט אין זיין פרעכער האנד.

זיא בעט זיך ביי איהם, זיא בעגיסט זיך מיט טרעהרען,
זיא פאלט אויף דיא קניע פיר דעם העלד פון „געזעץ".
ער בלייבט קאלט וויא שטיין — דער אונמענש איז גערן
ווען אן ארעמער פיש פאלט אריין אין זיין נעץ.

אט קלינגט שוין און קומט דער שענדליכער וואגען
פיעל נייגעריגע שטעלען זיך אפ...
מען הערט דיא עלענדע וויינען און קלאגען,
מען זעהט, וויא זיא רייסט זיך דיא האר פון קאפ.

און אט איז דער וואגען און מענשען פערשוואונדען...
אן אלטע געשיכטע, אן אלטע, ניט וואהר?
און דאך זיא ערגרייפט מיך מיט ברענענדע וואונדען
און איך וויין וויא א קינד, איך אלטער נאר.



# דער אבענד גלאָק.

(פריי נאך נאדסאן).

אה, מוזע, רוף מיך ניט, מיט **דיינע** צויבער פינגער,
וועק ניט דיא סטרונעס פון מיין קראנקעס הערץ!
פער׳משפט איז צום טוידט דיין בלאסער זינגער,
צו ענדע איז דאס ליעד פון קאמפף און שמערץ.

*

זיין וועג איז זעהר שווער, ער האט אויף איהם בעגעגענט
דערנער, שטיינער, פערלײמדונג, הונגער נויט און קעלט —
עס האט געבליצט, געדונערט און גערעגענט
און ער האט אבדאכלאז געוואנדערט אויף דער וועלט.

*

יעצט קלאפט דער טוידט אין זיין לעבענס-קאמער
ער זאגט: צו ענדע איז דיין ארבייטס טאג,
פארלעש דיין פייער, לייג אוועק דיין האמער,
קום! דוא הערסט?... עס קלינגט דער אבענד-גלאק.

*

עס קלינגט דער אבענד-גלאק, יא, איך הער איהם קלינגען
מיין טאדעס אורטהייל הער איך אין זיין קלאנג,
און לעבען ווילט זיך... עס ווילט זיך טרוימען, זינגען,
קעמפפען געגען יעדען שקלאפען-צוואנג...

*

איך וואלט געוואלט, אה, פאלק! דיין רויטען זעגעל
נאך מאכען רויטער מיט מיין הערצענס בלוט...
און, וויא א לייב מיט זיינע שארפע נעגעל,
דיין פיינד בעקעמפפען מיט שטאלצען העלדענמוטה.

*

דאך, וואס נוצען דיא היילינסטע פערלאנגען?
צו ענדע איז מיין לעבענס שטורם־טאג! —
צו ענדע — טרוימען, טרעהרען און געזאנגען,
ער רופט דער טוידט, עס שלאגט דער אבענד־גלאק.



# אויגוסט שפיעז.

---

רוהיג און שטאלץ, וויא דער גרויסער סאקראט
איז ער אויף דעם גאלגאן געשטאנען;
זיין יעדעס ווארט איז געוועז א טהאט,
א טויטשלאג פאר ווילדע טיראנען!

---

זעלטען האט זיך העלדישער, העכער,
דערהויבען א מענשליכער גייסט!
בלאס זיינען געווארען דיא היינקער־פערברעכער;
ער — אונערשראקען און דרייסט!

---

פון שרעקליכען גאלגאן וויא פון א טריבונע,
וויא א בעגייסטערטער פראפעט
האט ער מיט דעם פייער דער שטאלצער קאמונע
צו זיינע מערדער גערעדט:

---

„עס וועט קומען א צייט, ווען פון אונזערע זארגען
„וועט זיך ערהויבען א מעכטיגער קול,
„שטארקער פון דעם, וואס איהר ווילט יעצט ערווארגען,
„מעכטיגער, שלאגענדער טויזענדער מאהל!"

דאס ווארען די לעצטע ווערטער פון שפּיעז...
העדקער, וואס האט איהר דערפון?
האט איהר פערניכטעט דעם גייסטיגען ריעז?
האט איהר פערלאשען די זוהן?

---

אה, ניין! מארטירער לעבען—און דער זינגער
פיהלט יעצט זיין פרייעס געמיהט:
ער בעריהרט יעצט זיין הארפע מיט הייליגע פינגער,
ער זינגט מיר דאס הייליגע ליעד!

---

און איך זעה די זוהן ברעכט דורך די טומאנען,
די פינסטערנים געהט צום גרונד,—
דער שקלאף וואכט אויף! ציטערט, טיראנען,
עס שלאגט אייער לעצטע שטונד!

---

עס קומט דער פרייער ליכטיגער מארגען,
ווען עס וועט זיך ערהויבען א מעכטיגער קול—
שטארקער פון דעם, וואס איהר האט יעצט ערווארגען,
מעכטיגער, שלאגענדער טויזענדער מאל!...

# דער „11" אין דער פרעמד.

---

ווייט האט מיך דער שטורם פערטראגען
פון אייך, מיינע ברידער—וואס וועל איך יעצט טהאן?
מיט וועמען וועל איך דעם „11טען" טראגען
אונזער בלוטיגע טרויער פאהן?

*

איך זעה ארום זיך נור קאלטע געזיכטער,
ברואים, וואס וויסען נור ביזנעס און געלד,
וואס געהען זיי אן דיא שטערען, דיא ליכטער,
וואס האבען בעלייכטעט דיא שקלאפען־וועלט.

*

וואס וויסען זיי פון פרייהייטס מארטירער?
איז דען ניט פריי דאס שווינדעל—ווארט?
וואס הארט דען דיא רויבער, שופטען, פערפיהרער
דאס בלוט פון א פינפפאכען ברודער־מארד?

*

ניט אין א גלענצענדען פרייהייטס טעמפעל
ניט דארט, וואו דאס פאלק ערשיינט אין זיין מאכט,
אין א ארעמען רום, פאר דער צאנקענדער לעמפעל
וועל איך פארברענגען דיא בלוטיגע נאכט.

*

עס וועלען שוועבען פאר מיר דיא געשטאלטען
פון דיא, וואס האבען דעם מוטה געהאט—
זאנענהויך זייער פאהנע צו האלטען,
און שטערבען פיר דאס פראלעטאריאט.

*

און דער דורסט נאך קריעג, און דער גליהענדער פייער
פון ראכע ערוועקט זיך אין מיר אויף דאס ניי,
וואו זייט איהר העלדען? וואו זייט איהר בעפרייער!
וואס לאזט איהר גוועלטיגען דיא טיראניי!

*

שקלאפען־מוזיק און שקלאפען פאראדען
דאס העלפט וויא פאראיאהריגער שניי,
האט איהר פערגעסען דיא שלאכט באריקאדען,
באמבען און שווערדען! דערמאנט זיך אן זיי!

*

דערמאנט זיך אן זיי און וויא מענער, וויא העלדען
הויבט אויף געגען פיינד אייער שווערד און שפיעז,
און לאזען דיא גלאקען קלינגען און מעלדען,
אז פריי איז דער מענש אין זיין פאראדיז.

---

# אנארכיע.

א וועלט אהן הערשער, אהן קייטען, אהן טרעהרען,
א וועלט פון ליעבע און הארמאניע,
וואו איינעמס גליק וועט דעם צווייטענס ניט שטערען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו קיינער וועט ניט רעגיערען
איבער דעם אנדערנס ארבייט און מיהע,
פריי וועט זיין יעדעס הערץ און געהירען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו פרייהייט וועט יעדען בעגליקען,
דעם שוואכען און שטארקען, דעם „ער" און „זיא"
דיינס" און „מיינס" וועט קיינעם ניט דריקען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו ליעבע וועט ניט וויסען
פון שענדליכען האנדעל, ניין, פריי וועט זיא
אויף א ליעבענדע ברוסט איהר גליק געניעסען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו קירכען און סינאגאגען
וועט מען פערוואנדלען אין שטאהלען פאר פיה,
יעדען גאלגאן און קערקער אויף שטיקלאך צוטראגען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו דער פרייער גייסט וועט צובּרעכען
דעם פינסטערען טהורעם דער טהעאלאגיע,
פערניכטען דיא קערנער פון אללע פערבּרעכען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו דער בּיקס, דער הארמאט און קריין,
אללע בּלוטיגע צייכענס דער מאנארכיע
וועלען נור אין מוזיעאום שטיין,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו זאנענ־הויך וועט זיך ערהויבּען
קונסט, וויסענשאפט, אינדוסטריע,
א וועלט פון וויסען—ניט פון גלויבּען,—
דאס איז אנארכיע!

געשעצט וועט זיין יעדעס מענשליכעס וועזען,
וויא דיא גאנצע מענשהייט, הייליג וויא זיא,
פריידהייט וועט אללעס ערקוויקען, ערלעזען,—
דאס איז אנארכיע!

# צוויי דיכטער.

(פריי נאך נעקראסאוו).

---

וויא גליקליך איז דער זיסער דיכטער
וואס האט פיעל האניג, ווייניג גאל,
זיין וועג בעלייכטען ליעבעס־ליכטער,
מען פלעכט איהם קרענצע איבעראל.

ער איז אלזייטיג, מיט פרינציפען
פערבינדט זיך ניט דער פרייער העלד,
און שמייכלענד שטעלט ער אויס דיא ליפען
צו אללע אבגעטער דער וועלט.

מען לויבט זיין גייסט פון אללע זייטען,
דער ארטהאדאקס און ליבעראל—
ער גלייכט מיט קיינעם ניט צו שטרייטען
און זינגט זיך וויא א נאכטיגאל.

זיין יעדעס ווארט, זיין יעדעס שטרעבען
איז פיר דער וועלט א קאמפלימענט,
דיא ברידער דענקען שוין ביין לעבען
איהם צו שטעלען א מאנומענט.

* * *

דאך ביטער, טראגיש איז דער לעבען
פון דעם פאעט, וואס האט זיין הערץ
דיא אונטערדריקטע אבגעגעבען,
און טראגט אין ברוסט א ים פון שמערץ.

ער בליצט און דונערט מיט זיין הארפע,
פיר אללע פיינד פון ארימען פאלק,
דיא ווארהייט נאקעטע און שארפע
וואס ווערט פערלוימדעט און פערפאלגט.

פון פאראזיטען פון דיא רייכע שלאנגען
ער בליצט מיט פלאם, מיט זאנענליכט
און ס'זיננט פיר זיי קיין לויבגעזאנגען,
זיין העלדיש, מעכטיגעס געדיכט.

זיין יעדעס ליעד, זיין יעדער שורה,
איז פול מיט גיפט פיר טיראניי,
ער ווארפט דיא שווינדלער גלייך אין צורה,
דיא ווארהייטס קאכעדיגע בליי.

ער רייסט אראפ אהן פורכט דיא מאסקע
פון יעדען פאלשען היפאקריט,
ער קעמפפט און זוכט ניט קיינעם'ס לאסקע,
ער זוכט קיין שכירות פיר זיין טהאט.

ער טראגט מיט שטאלץ זיין שווערד און פאהנע
ער קוקט ניט לינקס, ער קוקט ניט רעכטס,
ער קוקט נור פארוועדטס צו דער זאהנע
און זיא אליין נור הערט זיין קרעכטץ.

זיין מוזע קען ניט שמייכלען, גלאנצען,
מיט בלוט און גאל איז פול זיין טינט,
אהן פריינד, אין ריינע בלומענקראנצען
שטעהט ער אליין אין שטורם־ווינד.

דיא ווארהייט וועט אם ענדע זיעגען,
דיא פינסטערנים וועט אונטערגעהן—
און ווען ער וועט אין קבר ליעגען
נור דאמאלס וועט דיא וועלט פערשטעהן.

מיט וואס פיר ליעבע, ערנסט, אכטונג
ער האט געדיענט דער פרייהייטס פאהן,
וויא ער האט געליעבט אין זיין פעראכטונג
און וויא פיעל גוטס ער האט געטהאן.



# דיא פרייהייטס־געטטין.

יונגע קעמפפער, אין פרייהייטס קריעג,
האלט פעסט דעם באננער דער ווארהייט!
ניט לאזט זיך פערבלענדען פון א לייכטען זיעג,
וואס פיהרט ניט צו ווירקליכע פרייהייט!

*

ניט לאזט זיך נאררען פון קנאק־דראקעטען
דער שמייכלענדער פאליטיק!
ניט פון רייכסטאג קומט דיא פרייהייטס געטטין,
ניט אין שטימקאסטען ליגט אונזער גליק.

*

איהר זעהט אט יענע פינסטערע גריבער
וואו עס הערשט פערצווייפלונג און שמערץ,
וואו אייפעלעך שטארבען אין הונגער־פיבער
אויף דער בלוטענדער מוטער הערץ.

*

וואוהין דיא זון קומט נימאלס אריין
מיט איהרע ליכטיגע שטראהלען,
עס קלינגט קיין מוזיק, עס פינקעלט קיין וויין
אין גאלדענע באקאלען.

*

וואו דער וואס בויט דעם רייכען פאלאסט
פיהרט דורך דיא אייזענבאהנען,
בלוטעט אונטער דעם שווערען לאסט,
פון אויסבייטער און טיראנען.

*

וואו קיינער האלט ניט קיין גלענצענדע רעדעס
פון פערשימעלטע פאליטיק,
וואו דיא נאסע וועגט זיינען דיא עדות—
פון א ביטערען לעבענסקריעג.

*

וואו אויגען זיינען אין טרעהרען פערשוואומען,
און מיט בלוט איז בעפלעקט דיא ערד —
אט פון דארט וועט דיא פרייהייטס געטטין קומען,
מיט איהר הייליגען פלאמענדען שווערד.

*

זיא וועט קומען אויף דעם געשריי פון קרבנות,
דער בלוטיגער טיראניי.
זיא וועט קומען געפאלגט פון יונגע אלמנות
און יתומים דער שקלאפעריי.

*

זיא וועט קומען צו רעטען דיא עלענדע, שוואכע
פון דעם אויסבייטערס אייזערנע רוט!
זיא וועט קומען נעהמען גערעכטיגע ראכע
פיר יעדען טראפען ארבייטער בלוט.

*

זיא וועט פעראייניגען אללע נאציאנען
מיט איהר זיסען, היילינגען קוש,
אויף דיא צושמעטערטע קייטען און טהראנען,
וועט רוהען איהר אייזערנע פוס.

* * *

און איך שווער, זיא וועט אויף עוויג בעגראבען,
דיא פערפעסטעטע קירכע און שטאאט,
און נור ד א ן וועסטוווירקליכע פרייהייט האבען,
פערשקלאפטער פראלעטאריאט!



# דער וואמפּיר

## און דיא קנעכט.

---

קוקט איהם נור אן, דעם פּעטען, דעם ברייטען,
וואמפּיר פון מענשען בלוט!
וואס שמידט זיינע ברידער דיא הענד און קייטען
אום צו **רייטען** אויף זיי גוט!

*

זעהט וויא ער זיצט מיט א זיסען שמייכעל
און קלערט זיך: „איך הער אייך אין טראק!
זא לאנג, וויא דאס פאלק האט ניט קיין שׂכל
לעב איך א **גוטען** טאג״!—

*

זא לאנג איהר זייט פערד, וועל איך אויף אייך רייטען
און שינדען דיא הויט פון אייך פריי!
און ווענט איהר אנפאנגען בריקעווען, שטרייטען,
דאן רופ איך דיא פּאליציי!

*

וואס שרעקט מיך אייער יוניאן—מלחמה?
אם ענדע בלייב איך דאך באס!
נאראנים! איהר נעהמט פון אונז נקמה?
מיט וואס?... מיט א שנעל אין נאז?—

*

פאר איינס נור ציטערען מיר, וויא פאר פייער:
דאס איז,—פאר דיא אנארכיסטען!
ביי זיי איז דאך גאר דער לעבען ניט טהייער,
אבי נור אונז צו פארוויסטען!

*

לעז א מאל זייערע א בלאט,
איהר ווייסט, וואס זיי זאגען דעם עולם?
„ווילט איהר זיין פריי, דאן שיקט אוועק באלד
אללע רויבערס אויפ'ן בית עולם!"

*

וואלטען זיי נור גערעדט... אבער ליידער
קענען זיי אויך אמאל טהאן,—
זיי גיבען א מאל א באמבע א שליידער,
אז עס ציטערט מיין שקלאפען טהראן!

*

מיר האבען שוין מיליאנען פארלארען
אום זיי צו מאכען א ביסעלע קאלט...
אבער היינגט מען פינף, ווערען געבארען
טויזענדע אנדערע באלד!

*

איך פיהל, אז עס קומען שלעכטע צייטען!
איך וועל ניט קענען מעהר
פרעסען און זויפען, און רוהיג זיך רייטען
אויף טויזענדע קנעכט וויא א הערר!

*

נור זא לאנג וויא דאס פאלק האט נאך קיין שכל
צו פאדערען מענשענרעכט,
„קען איך מיר רוהיג מיט א זיסען שמייכעל
רייטען אויף דומע קנעכט".—

*

און דיא קנעכט? זיי פיהלען, אז א שווערע מאסע
דריקט זיי און שלעפט צו דער ערד,
עס גיסט זיך שוויים פון דיא פנימ'ער בלאסע,—
זיי קרעכצען און... שלעפען וויא פערד!

*

זיי פאנגען אן אמאל בריקעווען, שרייען,
זיי ווילען מעהר האבער און גראז...
און וויא מען גיט זיי א ביסעל צו קייען,
לעקען זיי ווידער דעם באס.—

*

עס גיבט אויך אזוינע, וואס בייסען דיא לייצעס
און פיהלען א פרייעס געמיטה,
און ווילען ניט טראגען אויף זייערע פלייצעס
יעדען רויבער און פאראזיט.—

*

דיעזע בילדען יעצט מעכטיגע רייהען
פון קעמפפער פיר פרייהייט און רעכט —
און דיא צייט איז ניט ווייט, ווען זיי וועלען בעפרייען
דיא ליידענדע שמאכטענדע קנעכט!

*

דיא צייט איז ניט ווייט, ווען מיר וועלען ניט וויסען
פון קייטען, פון טרעהרען, פון נויטה,
און יעדער מענשענקינד וועט געניסען
פרייהייט, ליעבע און פרייד!

*

דאך ברידער, זא לאנג איהר זייט נאך שקלאפען,
פערגעסט ניט אייער פפליכט!
און גרייפט צו דיא הייליגע מעכטיגע וואפען,
וואס פיהרען צו פרייהייט, צור ליכט!



IN MEMORIAM.

# צום אנדענקען, ק. גאללאפ'ס.

---

מיר האבען זיך ניעמאלס פערזענליך געקענט,
דאך האב איך געשפירט אין זיין ווארט און זיין לעהרע,
א הייליגען פייער, וואס האט העלל געברענט—
מיט האס און מיט ליעבע, מיט שטאלץ און מיט עהרע.

ער איז ניט געוועזען קיין „מגיד", קיין „שרייער",
ער האט ניט געפעדעלט מיט זיין אידעאל,
ער וואר פיר דאס פאלק אן ארבייטער טרייער,
אין דער שקלאפענאכט א פארווארפענער שטראהל!

א הייליגטהום וואר פיר איהם דיא אידעע,
ער האט ביז זיין לעצטען אויגענבליק—
איהר טהראן ניט בעשימפפט מיט א „גראבער מטבעה",
איהר פאהן ניט בעשמוצט מיט פאליטיק!

וויא א בלום וואס האט נאך ניט צו לאזען
דיא יונגע קנאספען, דיא ראזאווע קוויט,
האט ער דיא ליידענדע וועלט פארלאזען
רייך—מיט שמערצען, ארעם—מיט פרייד!

קיין מאנומענט וועט זיין קבר ניט קריינען,
דאך אויף ביידע ברעגען פון אקעאן—
וועט איהם מיט הייליגע טרעהרען בעוויינען
דער שקלאף, דער אידישער ארבייטס מאן!

## 1891

דער אלטער יאהר איז געשטארבען,
דאך איז דען ניט אלץ איינס,
ווען 90 האט זיך ערווארבען
א שפאגעל נייע איינס?

א נייעס יאהר איז געבארען,
דאך לעבט נאך דיא אלטע נויטה,
און לייכטער איז ניט געווארען
מיין אלטער שקלאפענקייט.

נור ווארף איך צוריק מיינע בליקען
אויפ'ן דורכגעגאנגענעם וועג,
זעה איך יעצט נייע בריקען
צו אונזערען הייליגען צוועק.

עס וואקסען איממער דיא רייהען
פון קעמפפער פיר פרייהייט און רעכט,
וואס האבען געשווארען צו בעפרייען
דיא ארעמע עלענדע קנעכט.

אלץ העכער הייבט זיך די פאהנע,
עס בליצט דער פרייהייט שווערד,
און העלער לייכט די זאננע
אויף אונזער פינסטערע ערד.

* * *

און יעדער מארגענשטערען
ברייננט נעהנטער די צייט,
ווען אונזער ערד וועט ווערען
פון טיראניי בעפרייט.



# דער שוויין און דער נאכטיגאל.

(א פאבעל).

---

א מאל איז א גרויסער, פעטער שוויין
אין א בלומען גארטען אריין.
דיא בלומען און פפלאנצען, מיט וועלכע עס וואר
דער בליהענדער גארטען בעפוצט,
האט דער חזיר, דער גראבער נארר,
מיט זיינע לאפעס פערשמוצט.

אין יענער מינוט איז דורך געפלויגען
א נאכטיגאל דורכ'ן גארטען
און דעם שוויין, אויסגעצייגען,
האט זיא דערזעהן דארטען.

— חזיר! וויא קומסטו אין גארטען אריין?
פרעגט ער דער גראבער שוויין.
דער שוויין ענטפערט: — כרוק! כרוק!
וויא איך זעה, ביסטו, נאכטיגאל, ניט קלוג.
איך חזיר בין אהער געקומען
אום צו צייגען דיא שטאלצע בלומען,
וויא אזוי איך קען זיי בעשמוצען.—

אבער חזיר, וואס וועט דיר נוצען?
— נארעלע, ענטפערט דער גראבער שוויין,
וויא איך זעה, קענסטו קיין ריכטער ניט זיין:
דוא ווייסט ניט, אז בלומען און זאנענשיין
זיינען פערהאסט פון יעדען שוויין.—

ווארט אוים אביסעלע, נאכטיגאל,
וועסטו זעהן וויא פון איבעראל,
פון אללע אונזערע פעראיינען,
וועלען ערשיינען
דיא גרעסטע שווינען
און וועלען א גרויסען דאנק מיר זאגען
פיר מיין חזירשען טאנץ
און אללע חזירים וועלען מיר טראגען
אלם זייער ליעבסטען קראנץ!—

איך בעדויערע דיך, דוא נארישע חיה,
ענטפערט דיא נאכטיגאל דיא פרייע,
ווען דוא וואלסט קיין שוויין ניט געווארען,
וואלסטו ניט געשמוצט דיא בלום און פפלאנץ,
דוא וואלסט פערשטאנען אין דיינע יאהרען,
אז בעסער צו זיין צווישען בלומען א דארן,
אלם צווישען חזירים א קראנץ.—

# דער פערוואונדעטער אדלער.

צווישען בערג פארשנייטע,
אויף א פעלזען שטיין
זיצט א יונגער אדלער
עלענד קראנק, אליין!

און ער טרוימט: וויא גערן
מיט וואס פאר א פרייד
וואלט איך יעצט דיא פליגעל
אין דער לופט צושפרייט!

מיט דיא שטאלצע וואלקען,
מיט דיא שטערן גלייך
וואלט איך פריי אומשוועבען
אין דעם הימעל־רייך.

און דיא זון, דיא העלע
אין דעם בלויען רוים
וואלט איך האלדזען, קושען,
וויא אין א זיסען טרוים.

צו דיא ווילדע שטורמען
האָב איך אימער לוסט
שטאָלץ אנטקעגען פליהען
מיט מיין אדלער ברוסט.

אויבען בליצט און דונערט
אונטען רוישט דער מעער,
דען פיר פרייע פליגעל
איז דער וועג ניט שווער!

דורך דיא שטורם וואלקען,
בליץ און דאנערקראַך
טראגט זיך דורך דער אדלער
מיט א שטאלצען לאַך.

דאָך עס איז פארשוואונדען
יענע צייט... און יעצט
צווישען בערג פארשנייטע
זיץ איך קראנק פערלעצט...

מיט אן אומעט קוק איך
צו דער זון ארוף,
דאָך דיא קראנקע פליגעל
הייבען ניט דעם גוף.

איך צאפּעל זיך, איך רייס זיך...
איך שריי, איך פלוך... איך וויין...
ביז איך בלייב אין אונמאכט
ליעגען אויף מיין שטיין!

אך! ווער קען מיר זאגען,
אויב איך וועל אמאל
ווידער פריי ארומשוועבען
איבער בערג און טהאל!

טראגען זיך דורך שטורם
שטאלץ צום זאנענשיין,
צווישען פרייע אדלער
א פרייער אדלער זיין!

. . . . . . . . .

קיינער גיט קיין ענטפער...
איינגעהילט אין שניי
שלאפען דיא געבירגע,
מיין שמערץ—וואס קימערט זיי?

וואו זייט איהר ברידער—אדלער?
דיא וואלקען זיינען שווארץ...
און אך, וויא ווילד עס רייסט זיך
צו אייך מיין קראנקע הארץ!

# 1789

1.

איך ליעב דיך, פראנקרייך! איך ליעב דיך, פאריז!
איך ליעב דיך, בעגייסטערטער, קעמפפענדער ריעז
מיט דיין רויטען פאנצער און שארפען שפיעז,
איך ליעב דיך פאלקס־בעפרייער!

2.

איך ליעב דיין העלד, דעם גרויסען מאראט,
דעם אונערשראקענעם פרייהייטס סאלדאט,
זיין יעדעס ווארט איז א העלדענטהאט,
זיין יעדער שריט איז פייער!

3.

פון יאהרהונדערט צו יאהרהונדערט
הער איך, וויא עס קלינגט און דונערט,
פון דער גאנצער וועלט בעוואונדערט,
פראנקרייך, דיין שטורם גלאק.

4.

עס קלינגט, עס רופט אויף אללע שפראכען
צו יעדען פערוואגעלטען, ארעמען, שוואכען:
—„ליידענדער קנעכט, שוין צייט צו ערוואכען,
עס דעמערט דער פרייהייטס־טאג!“

5.

„טוה אן דיין פאנצער, הויב אויף דיין פאהן!
פערניכטע דעם קעניג, צושמעטער דעם טהראן!
זיעגען מוז דיא רעוואלוציאן!
ארבייטער־פאלק, צו דיא וואפפען!"

6.

„מיר ווילען ניט קענען קיין אויטאריטען,
וואס רויבען אונז, מארדען אונז, דריקען און טרעטען,
מיר ווילען קיין גאט און קיין טייוועל ניט בעטען,
מיר ווילען ניט מעהר זיין קיין שקלאפען!"

7.

„מיר ווילען זיין, וויא דיא אדלער פריי!
מיר ווילען געניסען דעם לעבענס מאי!
ציטער, דוא בלוטיגע טיראניי:
עס קומט דער ראכע טאג!"

8.

זא הער איך, וויא עס קלינגט און דונערט
פון יאהרהונדערט צו יאהרהונדערט,
פון דער גאנצער וועלט בעוואונדערט,
פרייהייט, דיין שטורמגלאק!



# א וויסענשאפטליכער מארד.

דיא מענשען זיינען וואונדערבאר,
פון געטטער שטעהען זיי העכער,
זיי האבען מיטלייד יעצט זאגאר
מיט מערדער און פערברעכער.

*

מען פלעגט ביז יעצט פערברעכער טוידטען
דורך פולווער, שטריק און שווערד,
מען פלעגט זיי מאטערען אין קייטען
אין א פינסטערען געצעלט.

*

דאך יעצט טהוט וויסענשאפט פערברייטען
ליכט, הומאניטעט,
מיר וועלען יעצט גאנץ עדעל טוידטען
דורך עלעקטריציטעט.

*

דאס הייסט א וועלט פון לעהרנער, דענקער,
ניט אינקוויזיטארען,
א ניין! ביי אונז זינד אויך דיא הענקער
וואהרע פראפעסארען.

*

אט האב איך יעצט אין בלאט געלעזען,
מען האט „עלעקטריזירט"
א מאן, וואס איז זא ווילד געוועזען
זא אונציוויליזירט.—

*

אום מיט א האק זיין פרוי צו מארדען,
און אט האבען דערפאר —
ריכטער וויסענשאפטליכע לארדען
ערמארדעט דיעזען נאר.

*

דאך וויא ערמארדעט, וויסענשאפטליך,
אנשטענדיג, סאליד,
ניט היטציג און ניט ליידענשאפטליך,
קאלטבלוטיג, טריט ביי טריט.

*

זיי האבען געמאכט א קליינעם טעות,
און דאך גערעכענט גוט,
ער האט פערזאמט דער מלאך המות
אויף עטליכע מינוט.

*

זיי האבען שוין דעם ארימען קרבן
פון „טוידטען טשער" בעפרייט,
און ער... ער איז נאך ניט געשטארבען...
ער צאפּעלט זיך... ער שרייט.

*

דאס האט ער׳שטוינט די פּראפעסארען,
די הענקער אין די „פרעק",
זיי זיינען פלוצלונג בלאס געווארען,
גע׳חלשט דארט פון שרעק.

*

„ער לעבט! ער לעבט! אה, שלעפּט איהם ווייטער
צו דעם טוידטען טשער!"
זא האט געשריען א געשייטער,
וויסענשאפטליכער הערר.

*

די פּראפעסארען שטעהען אונשולדיג...
ער לעבט נאך... ער איז היים,
עס פליהען פונקען... פּלאצען גליעדער,
עס ברענט אויף איהם דאס פלייש.

*

די פּראָפעסאָרען שטעהען אונשולדיג...
מיט וואַטשעס אין דיא הענד,
און ערוואַרטען אונגעדולדיג
דעם אונגליקליכען׳ס ענד.

*

דאַן וועט מען איהם אנאַטאָמירען,
אום וויסען, וויא פיעל צייט
עס נעהמט מיט דעם עלעקטריזירען
ערמאָרדען אָרעמע לייט.

*

וואָס זיינען ביי דיא רייכע לאָרדען
אונוויסענהייט און נויטה, —
געטריבען צו רויבען און מאָרדען
פיר דאָס שטיקעל ברויט.

*

דאָס הייסט פּראָגרעס!...

# יציאת מצרים:

אין דעם לאנד דער פּיראמידען
וואר א קעניג בּייז און שלעכט,
און עס וואר אללע אידען
זיינע דינער, זיינע קנעכט.

שווער האט זיי געפּלאגט דער קעניג,
ליידען האט דאס פאלק געמוזט,
ווייל עס האט פערשטאנען ווייניג—
ווייניג מוטה וואר אין זיין בּרוסט.

קנעטען ליים און שלעפּען ציגעל,
בּויען שלעסער הויך און רייך—
בּיז דעם קבר פון זיין וויגעל
וואר דער קנעכט צו הונדע גלייך.

קינדער האט מען דאן פערמויערט,
ווען א ציגעל האט געפעהלט,—
און ווער וויים, וויא לאנג עס דויערט
דיעזע וויסטע שקלאפען וועלט.

ווען אין לאנד דער פּיראמידען
זאל ניט זיין א שטארקער העלד,
וועלכער האט געקעמפּפט פיר אידען
מיט זיין חכמה און זיין שווערד.

און אויך דיעזער העלד ווער איינער
פון דיא פרייע מענשען־דענקער,
וואס דיא וועלט פארווארפט מיט שטיינער
אדער גיט זיי אָב צו הענקער —

יאגט און קוועלט זיי, ווייל זיי טהוען
פיר דיא מענשהייט גרויסע טובות,
און ווען זיי אין קבר רוהען,
שטעלט דיא וועלט פיר זיי מצבות.

דיעזער העלד האט אויך פערשטאנען,
אז דאס פאלק וועט לעבען שלעכט,
ביז עס הערשען נאך טיראנען,
ביז עס גיבט נאך הערר און קנעכט.

דאס דער מענש איז אונצופריעדען,
ווייל ער שלעפּט דיא קייטען נאך,—
און ער האט בעפרייט דיא אידען
פון דעם וויסטען שקלאפען יאך.

צו א לאנד פון זיסע פרייהייט
האט ער דאן זיין פאלק געבראכט,
ביז זיין לעצטען טאג מיט טרייהייט
זיין געליעבטעס פאלק בעוואכט.

און עס זינד פאראיבער, ברידער,
מיליאנען טעג און נעכט.
און יעצט, אידען, זייט איהר ווידער
פרעה'ס דיענער, פרעה'ס קנעכט.

פאלק! ווער וועט דיך יעצט בעפרייען,
וואו איז ער, דיין בראווער העלד?
אויף דיין וויינען, אויף דיין שרייען,
ווער וועט ציהען יעצט זיין שווערד?

ווער וועט יעצט דיין ים צושפאלטען
פול מיט טרעהרען, בלוט און שמערצען,
און פון שטורם דיך בעהאלטען
אין דעם הימעל פון זיין הערצען?

ווען דוא ווילסט קיין קייטען טראגען,
פאלק, זיי זעלבסט דיין פרייער העלד!
נים נור מענשען, שטיינער קלאגען
אין דער וויסטער שקלאפען וועלט.

אללע שקלאפען זינד יעצט ברידער—
רייכט זיך ברידערליך די־א הענד,
שטירצט די־א ווילדע פרעה'ס ניעדער
און פון קנעכטשאפט מאכט איין ענד !

דאן א פסח גאר א נייער
קומט מיט פרייהייט, מיט ערפאלג,
און זיין אנדענק וועט זיין טהייער,
ווייל דער העלד וואר זעלבסט דאס פאלק.



# דיא צוויי־פיסיגע חיה.

זאגט מיר וואו בין איך, איך זעה ניט קיין מענשען,
צוויי־פיסיגע חיה'לעך לויפען ארום...
ניטא וואס צו ליעבען, ניטא וואס צו בענשען,
דיא וועלט איז זא העסליך, דיא וועלט איז זא דום.

*

קוק, וויא מען רויבט דיינע שוועסטער און ברידער,
קוק, וויא מען טרייבט זיי צו זעלבסטמארד און מארד,
מען צאפט זיי דאס בלוט, מען האקט זיי דיא גלידער—
קוק, שלינג דיא טרעהרען... און זאג ניט קייןווארט.

*

און זאגסטו א ווארט, ווילסט זיין א גוטער,
פערטהיידיגען דעם שוואכען אין קריעג,
דאן זאג „גוד באי" צו דיין אלטינקער מוטער,
צו דיין פרוי און קינד... דוא קומסט ניט צוריק.

*

דוא קומסט ניט צוריק, אויף דיר ווארט שוין דער הענקער
צו פיהרען דיך אויפ'ן טוידטען בריק,
דער לארבער־קראנץ פון א פרייען דיינקער,
אין אונזער יאהרהונדערט איז—קייטען און שטריק.

*

מענש! דוא שטאלצע צוויי־פיסיגע חיה!
מיט וואס נעהמסטו זיך איבער? ערקלעהר נור דאס מיר!
א יעדע פיצינקע פייגעלע פרייע,
האט דאך מעהר יושר און ליעבע פאר דיר.

*

קוק וויא פריי זיא בויט זיך איהר נעסט,
ערנערט זיך פריי מיט איהר אייגענער קראפט,
האט נאהרונג א אבדאך אין שטורם, אין פרעסט,
און איז ביי קיינעם ניט פערשקלאפט.

*

זיא בעגעגענט דיא זוהן מיט א זיסען געזאנג,
שעפט פרישע לופט, שוועבט אין דער פרייע,
און ווייס גאר ניט וויא אונגליקליך, קראנק
איז דארט אויף דער ערד דיא צוויי־פיסיגע חיה.

*

זיא ווייס ניט פון בלוטיגע מארד־קאנאנען,
זיא ווייס ניט פון קייטען, גאלגאן, אסטראג,
פון דיא פערפעסטעטע קירכען און טהראנען,
וואס מאכען נאכט פון דעם ליכטיגען טאג.

*

זיא ווייסט גאר ניט, אז מיר מענשען האבען
א ציוויליזאציאן, וואונדערבאר,
זיא קען טויזענדער מענשען בעגראבען,
און דערביי ניט געבען זיך א קרים זיך זאגאר.

*

זיא האט אויף יעדען טריט עשאפאטען,
א אפענעם און געהיימען טיראן —
דא ערמארדעט מען אונז דורך עלעקטרישע דראטען,
דארט צורייסט אויף שטיקער דער אייזענבאהן.

*

דא פערשיט מען אונז אין א קוילען־מינע,
דאס פאלט מען פון עלעווייטער אראפ,
אין דער פרייער ציוויליזירטער מדינה
הייננט אויף א האאר אונזער ארעמער קאפ.

*

ענטוויקלונג, פראגרעס! — דאך, פייגעלע זיסע,
וויא איך זעה איז דיר אונבעקאנט אונזער וועלט,
דוא וויכסט דיא ערד וויא דיא פינסטערע תפיסה,
וואו דיא זוהן איז מיט אייזערנע וועגט פערשטעלט.

*

אך, איך בין דיר מקנא, פייגעלע פרייע,
זינג הויך! און זיי צופריעדען דערפון,
וואס דוא ביזט קיין בייזע צוויי־פיסיגע חיה,
וואס שענדעט דיא פרייהייט, וואס שפייט אויף דער זוהן.

*

זינג הויך! און מיט דיינע פרייע ליעדער
דערמאן דעם מענשען אז אויך ער קען זיין פריי,
ערוועק־ערוועק מיינע ליידענדע ברידער
פון דעם ביטערען שלאף דער שקלאפעריי.




*

פליה, פייגעלע הויך! און מיט דיא פרייע פליגעל,
קלאפּ אן אין דעם פענסטער׳ל פון „דשוליעט״,
וואו עס שמאכטען מענשען אונטער שלאס און ריגעל,
דערפאר, ווייל זיי האבּען פיר פרייהייט גערעדט.

*

גיבּ זיי אפּ א גרוס פון א עלענדען זינגער,
וואס דיינקט פון זיי אימער מיט טרעהרען און שמערץ —
פילייכט וועט זיי ווערען א בּיסעלע גרינגער,
ווען זיי הערען א ווארט פון א פרייעס הערץ.






# דיא געפאלענע.

---

וואס קוקט איהר אויף מיר מיט פעראכטונג?
וואס ווארפט איהר שטיינער אויף מיר?
איהר זאגט, איך פערקויף מיין עהרע —
האנדעלט איהר זעלבסט ניט מיט איהר?

*

איהר זעהט דיעזע „פיינע״ פרויען,
נעקליידעט אין גאלד און אין זייד,
פערקויפען זיי זיך ניט גאנץ אפען,
צו רייכע אנשטענדיגע לייט?

*

נור איך פערקויף זיך אין ארמוטה,
אין הונגער, דערפאר ווייל איך מוז, —
און זיי פערקויפען דיא עהרע,
אין רייכטהום — פאר איבערפלוס.

*

איהר זאגט, זיי האבען געהייראט...
ווייסט איהר, וואס דאס בעטיידט?...
פיעלע הייראטהען... דאך ליעבען —
ווער ליעבט דאס אין אונזער צייט?!

*

מען הייראטה פאר געלד, פאר רייכטהום,
פאר א טיטול פון א גראף,
מען הייראטה צו האבען א קעכין,
מען הייראטה צו האבען א שקלאף...

*

דאס הייראטהען איז יעצט א שווינדעל,
אויפ'ן שמוציגען לעבענס מארק,
א מאסקע פיר ווילדע אינסטיקטען,
פיר הייליגע ליעבע א זארג.

*

קען א חופה אדער א קלויסטער
מאכען הייליג פראסטיטוציאן?
א פראסטיטוטקע ווערען א געטין,
צי זיא א קארטע האט, צי א טראהן?

*

אויב ניט, ווארום פיר דיא רייכע,
נעהמט איהר דיא הוט אראפ —
און פון אונז — עלענדע אפפער —
מיט פעראכטונג קעהרט איהר זיך אפ.

*

און איהר שרייבער, פראפעסארען,
פריידיגער פון מאראל,
פערקויפט איהר ניט אייער עהרע
פיר דעם גאלדענעם מעטאל.

*

פריידיגט איהר דען דיא װארהייט?
דאס, זאגט איהר, װערט ניט בעצאהלט,
נור שמוציגע ליגען, נור פאלשקייט —
ברייגנט אייך קאמפארט יעצט און געלד.

*

זייט איהר דען ניט פראסטיטוקעס
מיט געפאלענע פרויען צו גלייך?!
נור מיר זיינען ארעם און עלענד —
און איהר זייט שטאלץ און רייך.

*

מיר פערקויפען זיך אין דער דונקעל
איהר—אין ליכטיגען פארלאמענט,
אונז בעגראבט מען מיט פלוך, מיט שאנדע,
אייך שטעלט מען א מאנומענט.

*

און װער האט אונז געמאכט װאס מיר זיינען —
היימלאז, פערלאזען, געמיין?
װער האט גערויבט אונזער אונשולד,
אונזער יוגענד—אויב ניט איהר אליין?!

*

פון קלייסטערס, טעמפעלס, טריבונעס,
װאו „מאראל" פריידיגט איהר נור,
קומט איהר צו אונז בעשימפפען
זיטליכקייט, עהרע, נאטור.

*

איהרווארפט אונז ארוים אין דיא גאסען,
און ווען מיר בלוטען אין הונגער און שאנד,
שרייבט געגען אונז געזעצען
אייער מערדערישע האנד.

* * *

וואס קוקט איהר אויף מיר מיט פעראכטונג?
נעמט צוריק אייער שמוציגען שטיין,
ווער האט אונז געמאכט וואס מיר זיינען?
ווער? אויב ניט איהר אליין!



# עס טאגט!

(א קאמפף ליעד געזונגען מיט דעם מאטיוו פון דער רוסישער פאָלקסליעד „פאָיעכאל קאזאק מאָלאָדאָי נא טשוזבינו").

---

ארבייטער, ברידער, איהר הערט וויא עס דונערט?
איהר הערט וויא עס ברומט, וויא עס קראכט?—
שמשון הגבור פון אונזער יאהרהונדערט
האט פון זיין שלאף ערוואכט.

דער שקלאף האט ערוואכט פון זיין פינסטערען דרימעל,
ער גרייפט יעצט צום פאנצער און שווערד,
ער וויל ניט מעהר וויסען פון גאט אויפ'ן הימעל,
ער וויל ניט קיין הארר אויף דער ערד.

איהם שרעקט ניט מעהר איבער דיא פאהנע, דיא רויטע,
ער וויים, אז מיר ווערען פערפאלגט
דערפאר, ווייל מיר ווילען צוברעכען דיא קייטען,
דיא קייטען פון ארעמען פאלק.

ער הערט מיט בעגייסטערונג דיא הייליגע לעהרע
פון פרייהייט, פון מענשליכע רעכט;
ער ווייס, אז צו קעמפפען פיר איהר איז אן עהרע,
א שאנדע — צו בלייבען א קנעכט.

אה, ברידער, זייט מונטער! עס הויבט אן צו טאגען,
ניט ווייט איז דיא ליכטיגע זוהן —
מיר זעהען שוין טויזענדע, טויזענדע טראגען
מיט שטאלץ אונזער בלוטרויטע פאהן.

נור לומפען, נור טרוסען אין אונזערע צייטען,
וואס בייטען אידעען וויא שיך,
קענען יעצט בלייבען שטעהן פון דער וועטען,
פערזומפפט אין דעם אייגענעם „איך“.

אבער דער מענש, אין וועלכען עס פלאקערט
דער פרייהייטס הייליגער שטראהל,—
דער קען יעצט ניט רוהען, ער ארבייט, ער אקערט,
ער בלוטעט — פיר זיין אידעאל.

אויף צו דער ארבייט, איהר מענער, קאמעראדען,
ווארהייט מוז האבען איהר זיעג,
דיא הערצער בעגייסטערט, דיא ביקסען געלאדען:
ארבייטער, פארווערטס צום קריעג!!



# צו דיא פערטהיידיגער פון פינסטערנים.

וואס ליארמט איהר, ארטהאדאקסען?
ווילט איהר אז דאס יודענטום
זאל נור בעשטעהן פון אקסען,
וויא איהר אונוויסענד און דום?!

*

איהר ווילט מיר זאלען זיך בוקען,
צו אייער פינסטערען גאט,
און ביינען דעם קאפ און רוקען
פיר יעדען פרומען אידיאט.

*

איהר ווילט מיר זאלען אנטלויפען
וויא איהר פון ליכט און פערשטאנד,
פיר א סענט לייב און זעעלע פערקויפען,
אבי זיצען אין מזרח וואנד.

*

יעדע צייט האט איהר נייע תורה —
אונזער תורה איז פרייהייט און רעכט:
און ביי אונז איז דיא גרעסטע עבירה
צו זיין א געהארכזאמער קנעכט.

*

מיר האבען אויך נייע פראפעטען —
בערנע, לאסאל, קארל מארקס
זיי וועלען פון גלות אונז רעטען,
ניט מיט פאסטען און הייליגען וואקס.

*

זיי זאגען: איזראעליטען,
אייער לײדען וועט נעהמען א ענד,
ווען טיראנען און יעזואיטען
וועלען פאלען פון שקלאפענהענד.

*

ווען פרייהייט וועט צוגיעסען
איהר הייליגעס ליכט אומעטום,
נור דאן וועט פון צרות ניט וויסען
דאס ליידענדע יודענטהום.

*

זיי רופען אונז אין דיא רייהען
פון דיא אלטוועלטליכע קנעכט,
וואס קעמפפען דיא וועלט צו בעפרייען
און געבען איהר מענשענרעכט.

*

וואס ווילען, אז אללע נאציאנען
זאלען איין פאמיליע זיין,
לעבען אהן קייטען, אהן טהראנען,
אין ליעבע, אין זאנענשיין.

*

דיא מענשהייט זאל ניט וויסען
פון קיין אונטערשיעד,
א יעדער זאל פרייהייט געניעסען
סיי טערק, סיי קריסט, סיי איד.

*

א יעדער זאל מענשליך לעבען
און וויסען וואס לעבען בעטיידט,
און ווער וויא דער איד דארף שטרעבען
צו דיעזער הייליגער צייט?!

*

ווער האט אזוי ביטער געליטען
וויא ער פון טיראנײ?!
פון דיא געקרוינטע באנדיטען
און פינסטערע שקלאפערײ.

*

גענוג זיך בוקען צו געטער,
צו פאפען, געלדזעק און טראחן!
איד! דיין איינציגע רעטונג
איז דיא גרויסע רעוואלוציאן!

*

צו איהר, איזראעליטען!
פארווערטס, מיט האפנונג און מוטה!
גענוג האבען פאראזיטען
געטרונקען אייער בלוט.

*

יעדע צייט האט איהר נייע תורה –
אונזער תורה איז פרייהייט און רעכט:
און, ברודער, דיא גרעסטע עבירה
איז צו זיין געהארכזאמע קנעכט.



# צום געבורטסטאג.

פארביי איז א יאהר, זייט דוא ביזט געבארען,
בעגריסט האט מיין מוזע דיין ערשטען שטראהל
און האט דיך מיט ארבייטער טרעהרען בעשווארען
צו געהן אונערשראקען צו דיין אידעאל.

איך שמייכעל דיך ניט, פרייע ארבייטער שטימע,
שווער וואר דיין קאמפף, ניט גרויס דיין ערפאלג,
דיך האבען פערלוימדעט דיינע פיינד, די שלימע,
דיא ווארהייט ערשרעקט דאס אונוויסענדע פאלק.

ווען דוא וואלסט רעפארמעלעך זיסע געפרעדיגט,
ווען דוא וואלסט דער מאסע געשמייכעלט, געלעקט,
איהר יעדען אונוויסענדען שריט פערטהיידיגט,—
דאן וואלט זיא מיט קראנצען דיין הויפט בעדעקט.

דאך שענדליך זיינען דיא בלומענקראנצען,
מיט וועלכע מען ווערט פון דומהייט געקריינט,
פאר חנפ'ענען, פאר פאליטישען טאנצען,
פאר זאגען ניט דאס, וואס מיר האבען געדענקט.—




ניין! בעסער געקרוינט זיין מיט גיפטיגע דערנער,
דערפאר, ווייל דיא ווארהייט אליין איז אונז ליעב,
דערפאר, ווייל מיר האבען וויא טרייע זעלנער
אין שלאכטפעלד, פערטהיידיגט אונזער פרינציפ.

בעסער שטיינער, וויא מאנומענטען,
בעסער אין קערקער, וויא אין פארלאמענט,
בעסער קללות, וויא קאמפלימענטען
דערפאר, וואס מיר האלטען אין פאקעטס דיא הענד.

---

שווער איז דיין קאמפף! דיא שטורמישע וועללען
ברעכען דיא שיף. עס דונערט און בליצט,
דיא יונגע טאטראזען דיא רויטע רעבעלען,
קעמפפען מיט טרעהרען פון שטורם בעשפריצט.

ווען איינער פערמאטערט פאלט ביי דעם רודער,
שטעלט זיך א צווייטער באלד אויף זיין פאסט.—
א חמארע! א ברודער דערקענט ניט זיין ברודער,
דאך ווערט פון מאטראזען דיא שיף ניט פערלאזט.

אה, ניין! דיא פרייהייטס שיף איז אונז הייליג,
זיא וועט אונז ברענגען אהין, אין דאס לאנד,
וואו עס גיעבט ניט קיין שקלאף און קיין קעניג,
וואו פריי איז דאס מענשליכע הערץ אין פערשטאנד.




אהין, וואו מען ווערט ניט געהאסט און געטריבען,
אהין, וואו מען וויים ניט פון טיראניי,
אהין, וואו דיא מענשהייט וועט לעבען און ליעבען,
ליעבען און לעבען גליקליך און פריי.

פארווערטס, ברידער, דורך שטורמישע וועללען!
איך שווער: ניט אומזיסט איז דיא ארבייט און מיה,
פון דעם וואס בעלאנגט צו דיא רויטע רעבעלען
און שווימט מיט דער שיף, וועלכע הייסט—אנארכיע!



# צום אנדענקען
פון
# ניקאלאי וו. שעלגונאוו.

---

פינסטער איז רוסלאנד, ווילד איז איהר הענקער,
דאך זיס איז דאס פרייע, רוסישע ווארט,
א בילד פון א רוסישען קעמפפער און דענקער
פארנעמט אין מיין הערצען דאס הייליגסטען ארט.

---

שעלגונאוו! אה, וואס פיר א טרייער
אפאסטאל פון פרייהייט, פון מענשענרעכט,
מיט וואס פיר א ליעבע, מיט וואס פיר א פייער
האט ער פערטהיידיגט דיא ארעמע קנעכט.

---

ער האט מיט זיין קריטישען מעסער געשניטען
יעדען שווינדלער און רויבער מיט ברענענדען וואוטה,
און, וואס דאס ליידענדע פאלק האט געליטען,
האט ער פערצייכענט מיט טרעהרען און בלוט.

---

ער איז געשטארבען, דאך ברענט און פלאקערט
זיין פאקעל אין רוסישען שטורמווינד,—
וואס שעלגונאוו האט נעזייהט און געאקערט,
בליהט אין דער רוסישער יוגענד אצינד.

---

עס בליהט, און עס שפריצט מיט גליהענדען פייער
און יעטווידער פונק פון הייליגען פלאם
בעשאפט פיר רוסלאנד א נייעם בעפרייער,—
פיר ווילדע טיראנען א גיפטיגען סם.



# דער זעלנער.

(נאך היינע)

---

א אידעל, א זעלנער שטעהט איינזאם
אין רוסלאנד אויף זיין פאסט —
ער שטעהט אין שניי בעגראבען
פערגליווערט פון דעם פראסט.

---

ער טרוימט פון זיינע ברידער,
וואס לעבען אין א פרייע וועלט —
וויא פרעהליך שיינט דיא זאננע
און ס׳בליהט דער גרינער פעלד.

---

שטאלץ שטעהט ער אין דעם שטורם,
זיין ביקס געדריקט אין האנד —
ער איז נאך ניט פערלארען,
וויא לאנג עס איז נאך דא א פרייעס לאנד...



# דיא טאגעס־פראגע.

---

וואס געהט מיך אן ווען ער וועט קומען,
דער טאג פון אלגעמיינעם גליק —
צו וועל איך פליקען זיינע בלומען
צו וועל איך הערען זיין מוזיק!

צו וועל איך זעלבסט געניסען פירות
פון פרייהייטס זיסען פאראדיז,
אדער דיא קינפטיגע דורות
וועלען דארט לעבען פריי און זיס!

איך בין ניט קיין הענדלער אום צו טראכטען,
צו וועל איך זיין בעצאהלט דערפאר
וואס איך וועל העלפען דעם פערשמאכטען,
דעם אונטערדריקטען אין געפאהר.

פאר מיר איז נור דיא פראגע וויכטיג:
צו קומט דער שעהנער אידעאל?
צו עס וועט ווערען א מאל ליכטיג
אין אונזער יאמער־טהאל?

דאך ווען עס קומט—צו היינט צו מארגען,
דאס געהט מיר ווייניג אן!
איך וועל פאר איינס בלויז אימער זארגען –
מיין מענשען־פליכט זאל זיין געטהאן!

און וויא דער שטורם זאל ניט ווארפען
מיין שיפעל אין לעבענס־אקעאן,
און וואס אויסליידען איך זאל ניט דארפען
פון יעדען הארצלאזען טיראן —

דאך האלט איך הויך דיא רויטע פאהנע,
און קלינג מיט שטאלץ אין פרייהייטס־גלאק,
איך וויים עס קומט דיא פרייהייטס־זאננע,
איך קלינג מיט שטאלץ אין צורוף־גלאק!...



# „שפאניע"...

שפאניע!—צופוילטער טהראן
פון דער בלוטיגער אינקוויזיציאן!
דיין פאלק איז פערשקלאפט בערויבט און צוטראטען
און ווען עס ערהויבט זיין טרעהרען־שטים,
ווילסטו מיט מארד, מיט בלוט־עשאפאטען
דערשטיקען איהם.

דומע טיראנען! דיא אינקוויזיציאן
מיט איהרע גאראנאטען אין פינסטערען טהורעם
וועלען ניט טוידטען דיא רעוואלוציאן —
איהר זייט דיא וואלקען, זיא איז דער שטורם!

זיא קומט, דיא טאכטער פון ראכע און צארן,
דיא טרעהרען פון פאלק האבען זיא געבארען,
אין דעם ארבייטערס ברענענדע וואונדען
איהר רויטען פאקעל אונגעצונדען.

זיא קומט! און וועה איז צו אייך, דעספאטען,
וואס האבען דאס פאלק גערויבט און געטראטען,
וואס האבען געוואלט מיט מארד, מיט עשאפאטען
דערשטיקען דעם פרייען גייסט!

ווען דער שקלאַף זיינע קייטען צורייסט,
צובּרעכט ער אויך אייערע טהראָנען !—
איהר געקרוינטע אינקוויזיציאָנען,
עס ווערט פון אייך שטויב, דאָך מען וועט אייך דערמאָהנען
דערמאָהנען אלס מערדער, אלס בּלוטיגע הענקער,
וואס האָבּען געשיקט יעדען עהרליכען דענקער,
יעדען פריינד פון פרייהייט וויא טיגרען פערפאָלגט,
ווייל ער האָט געליעבּט דאָס ליידענדע פאָלק !

---

דאָך דיא, וואס איהר האָט געשטיקט און דערוואָרגען,
דיא וועלען וויא א ליכטיגער מאָרגען
שיינען אין דער קומענדער צייט,
ווען אַלע און יעדער וועט זיין בּעפרייט.—

* * *

פאָרווערטס, איהר קעמפּפער דער אַנאַרכיע !
וויא שעהן, וויא גרויס, וויא הייליג איז זיא,
דיא געטין פון פרייהייט, וואס האָט ניט קיין שיעור,
וויא זיס איז צו לעבּען און שטאַרבּען פיר איהר !...



# דיא הונגעריגע און דיא זאטע.

דיא הונגעריגע שרייען נאך ברויט —
דיא זאטע פילאזאפירען,
דיא הונגעריגע שטארבען פון נויטה —
דיא זאטע פארלאמענטירען.

דיא הונגעריגע בלוטען און שטרייטען
מיט דער הערשענדער רויבער באנדע:
דיא זאטע שטעהען פון דער ווייטען,
און שרייען „עס איז א שאנדע!"

„גנב'ענען ברויט,—אך, איהר בטלנים!
„לומפען פראלעטאריאט!
„מיר זיינען מיט אייך קיין מחותנים",
ערקלעהרט דער „עס" דעמאקראט.

„באם!" מעקען איהם צו זיינע פיה,
„באם!" ענטפערט זיין עזעל־קווארטעט.
אך! אבשאצען דיעזער פילאזאפיע
קען נור דער, וואס איז זאט און פעט!

דאך דער ערעטער, פוסטער מאגען
קען דאס גאר נים פערשטעהן;
און ער וועט אין ניכען צושטערען, צוטראגען
יעדען טראהן, יעדען קערקער־שטיין

* * *

דיא הונגערינע שרייען נאך ברויט —
דיא זאטע פילאזאפירען,
דיא הונגערינע שטארבען פון נויטה —
דיא זאטע פארלאמענטירען!...

# צו דיא פינסטערע בטלנים.

וואס קריצט איהר מיט דיא ציין, איהר פינסטערע בטלנים?
איהר ווייסט דאך, אז א פריהלינג מאכט ניט איין שוואלב,
איהר קענט נאך וויא אימער, מיט א רחמנות־פנים,
וויא בעטלער, בוקען זיך צו אייער גאלדענע קאלב.

איהר קענט, וויא אימער, נאך האפען אויף נדבות,
זיין גרויסע פאטריאטען און לעבען פון „חאפ־לאפ",
און רופען אין דער לאנד פון אונזערע טוידטע אבות,
אהין, וואו עס הונגערט יעצט דער טערק און דער אראב.

דיא וועלט איז דום גענוג, איהר קענט נאך שווינדלען, רויבען
אלעס אין נאמען פון'ם אונטערדריקטען איד —
און ער, דער עלענדער, ער מוז אייך אלעס גלויבען:
בעדעקט מיט פינסטערנים איז זיין יעדער שריט.

דאך ניט דענקט, אז איהר וועט הוליען עוויג,
עס קומט די צייט, דיא וואונדערבארע צייט:
עס וועט ניט זיין קיין בעטלער און קיין קעניג
און יעדער פאלק און מענש וועט זיין בעפרייט!

דאן ציטערט, איהר גנבים, פאראזיטען!
מען וועט אייך בריינגען פאר דעם פאלקס־געריכט
און איהר וועט פערשווינדען היפאקריטען,
וויא פינסטערנים פיר דאס זאנגענליכט!

# צום ארבייטער.

וויא שווער עס זאלען ניט זיין דיא וועגען,
וואס פיהרען צו פרייהייט, וואס פיהרען צום זיעג,
שטרענג אן דיינע קרעפטען! און פירכטלאז בעגעגען
דעם שטורם און פייער פון ביטערען קריעג!

אויף דיר וועלען בילען גראבע בולדאגען,
דער פיינד וועט קריצען אויף דיר מיט די צייהן,
יעדער שורקע וועט א האס אויף דיר טראגען,
יעדער היפאקריט אויף דירווארפען א שטיין!

מען וועט דיך פערלוימדען, דאס בלוט פון דיר צאפען,
דער, פאר וועמען דו קעמפפסט, וועט דיך האסען זאגאר,
דיא ביטערע נויטה וועט אין טהיר צו דיר קלאפען,
דאך זיי א מענש אויך אין נויטה און געפאהר!

פערגעס ניט, וויא הייליג, וויא גרויס איז דיא זאכע,
פיר וועלכע דו קעמפפסט! איהר הייליגע זיעג
וועט ברייגגען פיר אללע עלענדע, שוואכע,
פיר אללע פערשקלאפטע פרייהייט און גליק!

פערגעס ניט! און לאז דיין שטימע ערקלינגען
איבער דער גאנצער ליידענדער ערד,
און נור דער טוידט אליין זאל דיך צווינגען
אוועקלייגען דיין פאהן און דיין שווערד.

# צו דיא גאט'ספארכטיגע בירגער.

1.

מיר קומען צו אייך מיט דער פאהנע דער פרייהייט,
מיט דעם פאקעל פון ריינעם פערשטאנד,
מיר צייגען אייך אויף דיא אונשטערבליכע װארהייט
מיט דער װיסענשאפטס אייזערנע האנד!

2.

איהר װילט אונז ניט הערען, איהר קריצט מיט דיא צייהנער
פערדאמט אונזער דענקען און טהאן.
איהר שלעפט אונז אין קערקער, איהר װארפט אויף אונז שטיינער
אין נאמען פון געלדזאק און טהראן.

3.

דאך מיר װילען ריידען, און מיר װעלען ריידען,
אה, דומע קנעכט פון גאט מאמאן!
מיט אונז איז דיא װארהייט! איהר קענט אונז ניט שיידען
פון איהר אונבעזיעגבארען פאהן!

4.

יעצט זאגען מיר אייך: גענוג שוין צו גלויבען!
װער פון אייך װייס ניט ריכטיג דעם סוד,
אז גראדע װיא אונטען, אזוי אויך דארט אויבען
גיבט ניט קיין שפור פון אירגענד א גאט?

5.

און וואלט נור געוועזען אה, אידען! א בורא,
א גרויסער, שטארקער, אלמעכטיגער גאט —
וואלט ער דערלאזט דען, אז איהם און זיין תורה
זאל מען בעדעקען מיט חרפות און שפאט?

6.

וואס מאכט מען היינט ניט פון רבונו של עולם?
מען שימפפט איהם און שמוצט איהם גאר אהן א שיעור
און דאך זיצט ער זיך וויא א לייםענער גולם,
און גיט זיך צו מאהל ניט אפילו קיין ריהר!

7.

און ווייסט איהר ווארום? עס איז פשוט ניטא
ווער און וואס זאל זיך אנהויבען ריהרען,
ווארום דער ביי וועמען א גאט איז נאך דא
פעהלען אימער אין קאפ געהירען!

8.

אה, ניין! ווען ווירקליך עס זאל עקזיסטירען
א גאט, וואס נור ער דריקט אונז און פלאגט,
וואלט מען נויטהיג געדאפט איהם עקספלאדירען,
וויא דער זיידע באקונין האט געזאגט.

* * *

פוסט און גאטלאז ברידער, איז דער הימעל,
יעדער דענקער ווייס דערפון —
און מיר זאגען: „וואכט אויף פון אייער דרימעל,
ערבליקט דיא ליכטיגע זון!"

9.

פערהאסט ניט דיא ווארהייט, זיא איז אייער רעטער,
יאהרהונדערטע קעמפפט זיא פיר אייך,
זיא וועט דיא מענשען מאכען פיר וואהרע געטער,
און דיא ערד פיר—א הימעל רייך.

10

פערהאסט ניט דיא ווארהייט און איהרע פראפעטען,
ערקענט זיי אלס ברידער, אלס פריינדע:
זיי קומען אייך וועקען, זיי קומען אייך רעטען
פון אייערע בלוטיגע פיינדע.

11

זיי קומען עראינערען אייך אן דיא פפליכטען
פון א יעדען פראלעטאריאט:
צו דענקען, צו קעמפפען, צו העלפען פערניכטען
דעם געלדזאק, דיא קירכע און שטאאט.

12

מיר קומען צו אייך מיט דער פאהנע דער פרייהייט
מיט דעם פאקעל פון ריינעם פערשטאנד,
מיר צייגען אייך אויף דיא אונשטערבליכע ווארהייט
מיט דער וויסענשאפט'ס אייזערנע האנד.



# צו א פריינד.

דאס שיפעלע לויפט צווישען רוישענדע וועללען,
דער שטורם ווערט שטארקער מיט יעדער מינוט,
דער וועג איז געפעהרליך... דאך שטארק איז דער זעגעל
עהרליכער שיפער, פערליער ניט דיין מוטה!

*

עס ווערען אליץ בייזער דיא קעמפפענדע שטראמען,
דאס שיפעלע ווארפט עס ארויף און אראפ:
עפעס צורייצטע, העסליכע ברואים
שטעקען פון וואסער ארוים זייער קאפ...

*

זיי עפענען ברייט דיא פערבלוטיגטע מיילער,
דאך שנעל טראגט דער שטורם דיך ווייטער אוועק —
עס בליצט און עס דונערט, עס בויגט זיך דער זעגעל:
עס ליעגט צווישען פעלזען דער שרעקליכער וועג.

*

דאך זעהסטו פון ווייטען דארט רויטע סיגנאלען...
דאס קומט דיר צו הילפע דיא הייליגע צייט!
עס דעמערט דער מארגען—פערלאז ניט דעם רודער!
קעמפף מיט דעם שטורם! דער ברעג איז ניט ווייט...

# א גוט ווארט.

זייט איהר מענשען—האנדעלט מענשליך!
האט אין זינען אייער ציעל!
גיט קיין פלאץ אין אייער הערצען
א קליינגייסטיגען געפיהל!

ניט פארגעסט, פארוואס מיר קעמפפען!
ניט פארגעסט, אז פאר'ן טיהר —
שטעהט דיא מאסע, דיא וואס בלוטעט!—
דיא וואס ליידעט אהן א שיעור!

זייט איהר מענשען, האנדעלט מענשליך!
ניט פערליערט זיך אין געפאהר!
וועקט מיט ווערטער! וועקט מיט טהאטען
דעם פערשקלאפטען פראלעטאר!



# ניט עוויג.

ניט עוויג וועלען זיי דויערען
דיא קאלטע פינסטערע נעכט,
ניט עוויג וועט פאר זיך מויערען
נור פינסטערע קערקער דער קנעכט.

*

ניט עוויג וועט ער בויען
פיר זיינע טיראנען פאלאסטען,
ווען ארימע קינדער און פרויען
הארעווען, שמאכטען און פאסטען.

*

ניין! ברידער, דער פריהלינג מוז קומען
מיט זיין הייליגע זאנענשיין,
אין וועלכע עס לאכען דיא בלומען
און עס פליסט דער לעבענסוויין.

*

ניט לאזטזשע דיא קעפּ ארונטער!
ניט שטעהט אויפ'ן האלבען וועג!
פארווערטס! שטאלץ און מונטער!
פארווערט, צום הייליגען צוועק!

# דיכטער?

עס איז א מעלה צו זיין א פאעט,
דאך וויא שלים, ווען מיט אייך אויף איין ברעט
שטעהט א שורקע מיט צוויי געזיכטער,
מיט עזעל־אויערן, און איז אויך א דיכטער.

היינט פיר א שנאפס מיט א פאר קארטאפעל
וועט ער לעקען דעם רייכענס פאנטאפעל,
מארגען פיר א קוואדער לאהן
שרייט ער: עס לעבע דיא ארבייטער פאהן.

דאך וואס געהט דאס אן דער וועלט,
וואו אלעס פערקויפט זיך אפען פיר געלד?
מעגסט זיין א שורקע, מען דארף קיין פרינציפ,
אבי עס גראמט זיך ביסטו אונז ליעב.



# אונזער „פרייהייט".

אין דעם שטאאט, דיא פאליציי,
אין דער פרעסע, דיא צענזורע:
אללע שפייען יעצט גאנץ פריי
דער גערעכטיגקייט אין צורה.

דאך איך זעה שוין פאלען, זינקען,
שטאאט, דיין אלטע שקלאפענהויז!
און דיא שפייערס וועלען טרינקען
וואס זיי שפייען יעצט אויס...



# דער אלטער שמיעד.

עס זיצט אויף אן אינזעל איין אלטער שמיעד,
לאזט קרעפטיג זיין האמער ארונטער,
דאס אייזען גליהט, וויא זיין געמיטה,
זיין הערץ איז שטאלץ און מונטער.

ער ארבייט און שמידט אן אייזערנע קייט
פיר דעם גאט מאמאן,
פיר יעדען טיראן וואס ליעגט צושפרייט
אויף זיין בלוטיגען טהראן.—

דער האמער קלאפט, דיא פונקען פליהען,
דאס בלוטיגע אייזען גליהט,
ניט אימער וועט דאס פאלק פאר אייך קניהען!
דענקט דער אלטער שמיעד.

„ניט אימער וועט קנעכטשאפט זיין פערגעטערט,
„דאס פאלק הויבט אן צו פערשטעהן.
„איך שווער: מיין אייזערנער האמער צושמעטערט
„אייער גאלדענע קרוין!

# פון מיין טאגע־בוך.

א דונקעלער צימער א פעדער, א טינטער,
צייטונגען, ביכער, פאפּיער —
איך זינג פון פריהלינג, דאך פיהל איך א ווינטער
וועהט און שנייעט ארום מיר.

א שרעקליכער ווינטער! דיא עדעלע ראזען,
וואס האבען דיא וועלט געציערט,
זילבערנע קוואלען, פּפלאנצען און גראזען,
אללעס ווערט טוידט, אללעס פריהרט.

דער פייער וואס האט אין מיין הארץ געפלאקערט
איז שוין ניט מעהר אזוי רויט,
דאס, וואס איך האב געזייט און געאקערט,
ווערט פערגליווערט, פערשנייט.

עס פאלען אויף אייז מיינע הייסע טרעהרען...
דאך האלט איך מיין בענער פעסט,
עס וועלקען דיא בלומען... אבער דיא שטערען
האבען קיין מורא פאר פרעסט.

קען דען דער ווינטער דויערען אימער?
אה, ניין! איך האלט ניט דערפון!
ניט וויין, מיין פעדער! אויך אין אונזער צימער
קומט נאך דיא פריהלינגס־זון!

# דיא רעוואלוציאן.

(נאך דעם דייטשישען)

---

זיא איז ניט טוידט! איהר קענט זיא ניט דערשלאגען,
זיא לאכט פון אייער צארן, אייער ברומען און ברילען,
איהר מעגט זיא הונדערט מאהל צום קבר טראגען:
אונשטערבליך לעבט דיא רעוואלוציאן.

*

איהר גלויבט, איהר האט זיא געקעטעט און געבונדען,
אויפ'ן גאלגאן דערווארגען, מיט'ן שווערד דערשטאכען —
און דאך, טראטץ אלע איהרע שווערע וואונדען:
אונשטערבליך לעבט דיא רעוואלוציאן!

*

זיא שטורעמט, פאהרט מיט בלוטיגע לאקען,
מיט פלאמענדע אויגען דורך שטעדט און לענדער —
זיא ציהט אומעטום דיא אלארם-קלאגען:
אונשטערבליך לעבט דיא רעוואלוציאן.

*

יונג און אלט איהר אויפרוף הערט,
בעגייסטערט ווערט מאן און פרוי —
גרייפט מיט קראפט דעם העלדענשווערט:
אונשטערבליך לעבט דיא רעוואלוציאן.

זיא לויפט געשווינד גליק פארבּינדען,
איהר לעהרע איז מיט בּלוט געטויפט —
געלדזאק, פּאפּסט און טהראן פערשווינדען;
אונשטערבּליך לעבּט דיא רעוואלוציאן.

*

וואך אויף, אה, פאלק! עס קומט דיא צייט —
הער איהר רוף און פארלאז דיין געצעלט:
פּראלעטאריאט! צום בּלוטיגען זיי בּעריים!
בּעפרייע זיך און פריי איז דיא וועלט...



# It was a dream.

„Освобожденъ твой край родимый,
„Палъ наконецъ кровавый Римъ!
„Приди ко мнѣ мой сынъ любимый!
It was a dream,
It was a dream!

Не видно старины Московской;
На мѣстѣ стараго Кремля —
Великій памятникъ Перовской
Воздвигла русская земля!

А вотъ и Гельфманъ и Сигида,
Желябовъ съ знаменемъ святымъ!
Отомщена вѣковъ обида! —
It was a dream,
It was a dream!

Русь на свободѣ отдыхаетъ,
И мирно русскій спитъ студентъ,
Онъ въ часъ досуга посѣщаетъ —
Борцовъ великихъ монументъ:

И съ непокрытой головою
Стоитъ въ раздумьѣ онъ предъ нимъ,
Глаза горятъ святой слезою, —
It was a dream,
It was a dream!

Богатъ и Питеръ новой славой:
На свѣтлыхъ берегахъ Невы
Ужъ нѣтъ Бастиліи кровавой,
И нѣтъ Престольной головы!

Указовъ намъ никто не пишетъ,
Въ Сибири мы царей хранимъ,
Россія вольной грудью дышетъ. —
**It was a Dream,**
**It was a Dream!**

Исчезла тьма... и новымъ вѣкомъ
Еврей страдалецъ не гонимъ:
Онъ тоже признанъ человѣкомъ, —
**It was a dream,**
**It was a dream!**

**It was a dream!** но часъ настанетъ
И будетъ жизнью этотъ сонъ,
Свободы громъ надъ міромъ грянетъ
И насъ въ гробахъ разбудитъ онъ!

Къ свободѣ скоро міръ привыкнетъ.
Читая про кровавый Римъ,
Про наши муки онъ воскликнетъ —
**It was a dream,**
**It was a dream!**



# אַ בּריעף פון אַ זעלבּסטמערדער

---

אַך וואָס פאַר אַ וואונדער שעהנע נאַכט.

דער הימעל איז אַזוי בלוי, די שטערען פינקלען, ווי רייניע בריליאַנטען, עס הערען זיך פון ווייטען די זיסע טרעלען פון אַ נאַכטיגאל. אַלעס איז אַזוי פּראַכטפאָל, גראַדע ווי אין די פראַנצויזישע ראָמאַנען, וועלכע איך האָב אַמאָל געלעזען מיט יוגענדליכע ליידענשאַפט.

אַמאָל וואָלט איך אין אַזאַ נאַכט געטרוימט פון ליעבע, פון צוויי צאַרטע פערליעבטע הערצער, וואָס גיסען זיך צונויף, אין איין האַרמאָניע, יעצט איז עס אַנדערש. יעצט טרוים איך פון טויט, פון אַ שטילען, רוהיגען, קאַלטען קבר, וואו אין האַרצען און אין די געהירען ברענען ניט קיין ליידענשאַפטען; וואו עס טראָגען זיך ניט אַרום, ווי שוואַרצע שטורמפויגלען, פינסטערע שווערע געדאַנקען. ניין, אין קבר איז אַלעס שטיל, רוהיג, קאַלט, טויט.

יעצט בין איך אַ גאַנץ אַנדער מענש! אַמאָל האָב איך זיך געבוקט פאַר דער נאַטור, ווי פאַר אַ הייליגער געטין, יעצט אָבער קוק איך אויף איהר ווי אויף אַן אַלטע, אויסגעפוצטע קאָקעטקע, אָדער צו וואָס לייקענע? דעם אמת? איך קוק אויף דער רייצענדער נאַטור, ווי אויף אַ גלענצענדער פּראָסטיטוטקע, וועלכע גיט זיך אָב נאָר דעם רייכען. האַ! די פיינע אויסגעאַרעלטע עסטעטיקער קריי־צען מיט די ציין! ווי וואַג איך עס צו פערגלייכען די הייליגע נאַטור, מיט אַזאַ אונהייליגקייט? און דאָך איז עס אַזוי. ווער געניסט די שעהנהייטען דער נאַטור? ווער ערקוויקט זיך מיט איהר וויין? ווער איז גליקליך אויף איהר בלומענברוסט? דער רייכער דער וואָס קען בעצאָהלען. דעם אָרעמאַן, דעם עלענדען צורייצט זי נאָר מיט איהרע שעהנהייטען.

אָבער וואָס רייד איך פון דער נאַטור, גראַדע ווי זי וואָלט געקענט פיהלען, דיינקען? אַך, דאָס איז אַן אַלטע געוואוינהייט, אַן אַלטער אבערגלויבען. איך האָב זיך אַזוי פיעל אָנגעלעזען און אָנגעהערט פון דער הייליגער „מוטער נאַטור", אַז איך האָב איהר אימער בעטראַכטעט, אַלס עטוואָס מענשליכעס. פיהלענדעס.

הייליגע מוטער נאַטור! ניין! אַ מוטער וואָלט ניט געשיינט אַזוי פרעהליך און פּרעכטיג מיט טויזענדע שטערען, וואָלט זיך ניט אויסגעפּוצט אין אַ בלויער בלומענקלייד, ווען איהר קינד געזעגענט זיך דעם לעצטען מאָל מיט איהר? וואָס זאָג איך? בין איך דען דער איינציגער, וואָס געזעגענט זיך מיט דער וועלט אין דער בליהונגסצייט פון זיין לעבען? וויפיעל מענעשן־קינדער, אונשולדיגע עדעלע, פלוכען יעצט די שטונדע, אין וועלכע זיי זיינען געבאָרען געוואָרען אין אַלע גרויסע און קליינע טהיילען דער וועלט? און זי? די נאַטור, די מוטער דער מענשהייט, זי איז אויסגעפּוצט, צוגעגלעט, אויסגעציערט אין בלומען און בריליאַנטען, גראַדע ווי אַ קאַלטע קאָקעטקע, וואָס האָט זיך צוגעגרייט צו אַ קיי־זערליכען באָל, וואו עס ערוואַרטען איהר איהרע רייכע ליעבהאָ־בער?

יאָ, אויב די נאַטור איז אונזער מוטער, איז דאָס אַ מוטער, וועלכע ברייננגט אום איהרע בעסטע קינדער, די יעניגע, וועלכע האָ־בען נאָך אַ געוויסען, די יעניגע, וועלכע טראָגען נאָך אין הארצען אַ פונק פון מענשענליעבע און גערעכטיגקייט; זי ברייננגט זיי אום מיט אַ שטאָלצען שמייכעל אויף איהר הימלישער געזיכט און בע־גלייט זיי צום קבר מיט פויגעל־געזאַנג און זונענשטראַהלען!

וואָס טרייבט מיר צום טויט?

אונגליקליכע ליעבע? ניין, איך האָב קיין מאָל ניט געליעבט. איך האָב נאָר געטרוימט פון ראָמאַנטישע, ריטערליכע ליעבע. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט די פרוי, אַלס אַ בעצויבערענדען אידעאַל, אַלס די רייסנטע פּערעל פון שעהנהייט, צערטליכקייט, הומאַני־טעט, — ווען איך בין בעקאַנט געוואָרען מיט פרויען, האָב איך דען אין זיי געפונען מיין אידעאַל?

זיי זיינען געווען ניט שעהן, האָבען גערעדט, געקוקט, גע־גאַנגען, גראַדע ווי זיי וואָלטען געווען אויף אַ טהעאַטער ביהנע.

איינפאכהייט, נאטירליכקייט האט זיי געפעהלט. זיי איז זעהר געפעלען געוואָרען מיין ענטהוזיאזמוס, מיין ליעבע צו דער ליידענ־דער מענשהייט; אָבער ווען איך האָב צו זיי געריעדט פון אונזערע פפליכטען צו די ליידענדע און ערנידעריגטע, האָבען זיי אויף מיר געקוקט, ווי קינדער אויף זייערע ניאנקעס, ווען זיי דערצעהלען א מעשה פון טויזענד און איין נאכט. דאָס ערנסטע, דאָס פרינציפּי־עלע, ניט אלטעגליכעס האָבען זיי ניט געקענט בעגרייפען. זיי האָט מעהר אינטערעסירט צו וויסען, וויפיעל איך „פערדין", אלס צו וועלכע אידעע איך דין. איך האָב זיי ניט בעשולדיגט אין זייער קליינגייסטיגקייט. איך האָב געהאַט מיטלייד מיט זיי, אָבער ליע־בען האָב איך זיי ניט געקענט.

טרייבט מיר ארמוטה צו אַן אונצייטיגען טויט?

ניין! ארמוטה וואָלט ניט געקענט מיך פערטרייבען פון דער וועלט, ווען איך זאָל פיהלען נאָר מיין אייגענעם ארמוטה אליין. מיך פערטרייבט פון דער וועלט די ארמוטה פון טויזענדע דערשלאָ־גענע, פערוואָגעלטע, קרעכצענדע און בלוטענדע מענשען־קינדער.

זאָגט ניט, אז דאָס איז נאָר אַ פראַזע. (איך וויל ניט מאכען פון מיין טויט אַן אדווערטייזמענט פאר מיין „נאָבעלע" פערזאָן.) ניין! איך האָט צופיעל די וועלט אום זיך צו אינטערעסירען, וואָס מען וועט זאָגען אויף מיר נאָך מיין טויט.

דער אמת איז, אז ניט מיינע פערזענליכע ליידען טרייבען מיר צו אַ פרייוויליגען טויט. איך בין פון קינדהייט אַן געוואוינט צו ליידען, צו פלאָגען זיך, צו ראנגלען זיך מיט דער נויטה. אָבער אויך פון קינדהייט אָן האָט זיך אין מיר ענטוויקעלט די ליעבע צו מענשען אין אַ פייעריגע ליידענשאַפט, צו בעטראַכטען זייער לעבען, צו פערשטעהן וואָס זיי דיינקען, צו וויסען וואָס זיי פיהלען. קיין זאַך אין דער וועלט האָט מיר ניט אזוי אינטערעסירט, ווי דער מענש זעלבסט. איך האָב קיין מאָל ניט געדיינקט וועגען רייכטהום, וועגען אַ גרויסען נאָמען, וועגען אַ וויסענשאַפטליכען טיטול. איך האָב אָבער אימער און אימער געטראַכט וועגען מענשען. איך האָב זיך איינגעקוקט אין זייערע געזיכטער, אין זייערע אויגען, — די פענסטער פון זייערע זעעלען, און האָב זיך געסטאַרעט צו שטו־דירען, ווער עס העלפט זיי אין זייערע שטרעבונגען, און ווער

שטערט זיי צו עררייכען זייער ציעל. א טאָג ניט זעהען קיין מענ־שען, איז פאר מיר געווען אונערטרעגליך, גוט האָב איך זיך גע־פיהלט נאָר צווישען א גרויסע מענגע מענשען, יעדע מענשליכע געזיכט וואר פאר מיר אן אינטערעסאנטער בוך; יעדער נייע פּאָאר אויגען — היילִיגע פענסטער פון א מענשליכער זעעלע, אין וועלכע איך האָב ארייגעקוקט מיט ברענענדע לײדענשאפט, גראדע ווי מען קוקט זיך איין אין אן אינטערעסאנטעם פאנאָראמא.

מיין בעאָבאכטונגס קראפט האָט שנעל געוואקסען.

איך פלעג בעמערקען טרעהרען דאָרט, וואו אנדערע האָבען בעמערקט נאָר א זיסען שמייכעל; איך האָב געהערט זיפצען און קרעכצען, — וואו אנדערע האָבען געהערט א זאָרגלאָזען געלעכטער. מיין אויג האָט זיך צוגעוואוינט דורכצודרינגען דעם פּאָרהאַנג, אונטער וועלכען עס האָבען זיך אָבגעשפּיעגעלט די טרויעריגסטע לעבענס־דראמען.

מיינע קאָמעראדען זיינען געווען פערנומען מיט זייער שטו־דיום, מיט זייער קאַריערע, מיט פריוואט געשעפטען, מיט פרויענ־ליעבע, מיט געלדזאָרגען, איך האָב מיט גרויסער אנשטרענגונג זיך אויסגעלערענט א האנדווערק, דורך וועלכע איך האָב געקענט פערדיענען מיין ברויט און האָב מעהר ניט געטראכט וועגען זיך. איך האָב ניט געקענט רוהיג לעזען א בוך, אָבגעבען זיך מיט א שטו־דיום. פאר מיינע אויגען האָבען אימער געשוועבט די אונגליקליכע, דערשלאָגענע, פערוואָגעלטע מענשליכע וועזענס, וועלכע איך האָב גוט געקענט. איך האָב ערלערענט די ארמוטה, איך האָב געוואוסט, ווי אזוי די אָרימע פריהרען אום ווינטער; איך האָב געוואוסט ווי די זונן ברענט זיי אום זומער; איך האָב געוואוסט, ווי זיי הונגערען, ווי זיי קריינקען, ווי זיי שטארבען פון נויטה און עווייגען פּלאָגען זיך. די הערצרייסענדע בילדער פון הימעל־שרייענדער ארמוטה האָבען מיר פערפאָלגט, ווי שרעקליכע געשפענסער, ווי פערבלו־טיגטע גייסטער.

איך בין געוואָרען אונגעדולדיג. א פלאַקערדיגער האַס צו די רייכע, צו די זאַטע, צו די לייכטזיניגע האָט ארומגעכאַפּט מיין גאַנצע זעעלע; איך האָב געקריצט מיט די ציינער און האָב זיך גע־

ריסען פאר די האאר, זעהענדיג די שרעקליכע ליידען פון די ארעמע און פיהלענדיג, ווי מאכטלאז, ווי עלענד איך בין.

איך האב גערופען צום קריעג, צור ראכע, מיין האנד האט זיך געצויגען צום שווערד, מיין הארץ האט געדורשט נאך בלוט. יא! נאך בלוט פון די יעניגע, וועלכע האבען אריינגעבראכט אין דער וועלט גיפט, שרעקליכע און אונערטרעגליכע אונגליקען! פערוואנד־לען זייערע פאלאסטען אין אש, זייערע קרוינען צוטרעטען מיט די פיס, אויף זייערע קרעכצען אונטער מיין שווערד, ענטפערען מיט א טייפלישען געלעכטער — דאס איז געווארען דער ליידענשאפטלי־כער בעגעהר פון מיין צובראכענער, ליידענדער זעעלע.

הא! וואס? איהר קוקט מיר אן, ווי א ווילדען, „וואס פאר א בלוטדורשטיגע משוגע'נע געדאנקען דער מענש האט געהאט" ווערט איהר זאגען.

איך קען אייך, איהר אנשטענדיגע היפאקריטען! איהר פריד־ליכע פייגלינגע! זאגט מיר, ווייסט איהר די מענשליכע ארמוטה? קענט איהר זי? האט איהר זי געפיהלט, ווי איך? האט איהר גע־צעהלט די טרעהרען פון די אונגליקליכע? האט איהר געזעהען די בלוט פון זייערע וואונדען? שטעלט אייך פאר, אז אייער אייגענע שוועסטער פערקויפט זיך אויפ'ן גאס! שטעלט אייך פאר, אז אייער אייגענע אלטינקע מוטער וואשט גרעט פאר א יונגער בורזשואזנער דאמע! אז אייער אלטער פאטער פוצט די שיך פון א רייכען ביז־נעסמאן! שטעלט אייך פאר א פאטער, וועלכער זוכט מיטלען, ווי אזוי צו דערשטיקען זיין אייגענעם קינד, וועלכעס ליעגט נאך אונטער'ן הארצען פון דער ארעמער מוטער, ווייל ער האט ניט פאר איהם קיין ברויט און קיין ווינקעל אויף דער גרויסער וועלט! שטעלט אייך פאר אויף א וויילע, דאס אייער איינציגעס קליינעס קינד שטארבט אין א פערשטיקטער טענעמענטהויז, ווייל עס האט ניט געהאט גענוג לופט, גענוג פרישע נאהרונג! אט צאפעלט ער זיך פאר אייערע אויגען אין די לעצטע מינוטען פון זיין לעבען; זיינע אונשולדיגע אויגעלאך קוקען נאך אויף אייך, גראדע ווי זיי וואלטען געפרעגט; פארוואס פאטער, פארוואס? קענט איהר אייך דאס אלעס פארשטעלען? קענט איהר מיר זאגען, אז אויב מיין

האַרץ איז ניט פון שטיין, האָב איך געקענט אין מיר דערשטיקען דעם דורשט נאָך בלוטיגע ראַכע, וועלכע קלינגט אַזוי ווילד אין אייערע אויערען?

יאַ, איך האָב געדורשט נאָכ'ן בלוט פון די יעניגע, וועלכע זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַר דיעזע אַלע שרעקליכע פערברעכען געגען דער מענשהייט!

אָבער וואָרום האָב איך דאָס ניט געטהאָן? וואָרום האָב איך ניט דורכגעבויערט מיט מיין שווערד די שלאַנגען הערצער פון די היפּאָקריטען פון די יעניגע, וועלכע איך האָב אַנערקענט פאַר שולדיג?

איך האָב דאָס ניט געטהאָן, ווייל איך בין אַ שוועכלינג, אַ פייגלינג, ווי איהר אַלע. דער אונטערשיעד איז נאָר, דאָס מיר פּלאָגט, טיראַניזירט דער געפיהל פון מיין שוואַכקייט, פון מיין מאַכטלאָזיגקייט; דאָס דיעזער ביטערער געפיהל ברענט אין מיין ברוסט ווי אַ העלישער פייער און טרייבט מיר אין קאַלטען קבר; איהר אָבער, זייט צופריעדענע שוועכלינגע, איהר וועט נאָך לאַנג פערבלייבען אויף דער וועלט־ביהנע צו שפּיעלען די קלעגליכע ראָלען פון קאַלטע פּילאָזאָפען, פון פריעדליכע היפּאָקריטען און אָבגעשמאַקטע ליבעראַלען. אויך איהר זייט זעלבסטמערדער! דער אונטערשיעד איז נאָר, דאָס איך וועל בעגעהן זעלבסטמאָרד אין איין רגע און אייער זעלבסטמאָרד וועט דויערען יאָהרען לאַנג. איהר וועט ביסלעכווייז אויסמאָרדען אין זיך אַלעס מענשליכעס, עדעלעס, גייסטיגעס. וואַכענדיגע פּעני זאָרגען וועלען אייך אין גאַנצען איינכאַפּען אין די שמוציגע לאַפּעס. איהר וועט שטאַרבען „אינטש ביי אינטש".

זאָל איך עס בעדויערען? ניין! מיר זיינען צו אַלט פאַר דעם נייעם קאַמפּף. נייע, פרישע, לעבעדיגע קעמפּפער שטעלען זיך שוין יעצט אין די רייהען פון דעם אָרעמען פאָלק. אויך איך האָב אַמאָל געטרוימט צו זיין איינער פון זיי, צו טראָגען שטאָלץ אויף מיין קאָפּ דעם בלומענקראַנץ פון אַ מעכטיגען קעמפּפער; עס איז אָבער אויסגעקומען אַנדערש. איך האָב געלעבט צו האַסטיג, צו שנעל. מיין גייסטיגער מאָגען האָט זיך ענטוויקעלט שנעלער, ווי איך האָב

געקענט קריגען פאַר איהם נאַהרונג; איך בין געשטאָרבען פון גייס־טיגען הונגער. מיינע אויגען האָבען געהונגערט, ניט זעהענדיג קיין מענשליכען גליק; מיין הארץ האָט געהונגערט, ווייל עס האָט ניט געפונען קיין מענשליכע ליעבע; מיין גאַנצע וועזען האָט זיך געריסען צום לעבען, צור טהעטיגקייט, צו ליכט און אַרום מיר וואר — אַלעס קאַלט, שלעפעריג, פינסטער, דורכגעווייקט מיט טרעהרען.... טויט! געגוג! די לעצטע שטונדע האָט געשלאָגען!

וואָס זאָל זיין מיין לעצטעס וואָרט?

זאָל עס זיין אַ פלוך, אַ דרייפאַכער פלוך דער קאַלטער, היפּאָקריטישער וועלט, וועלכע האָט אַוועקגערויבט פון מיר מיינע גאָלדענע טרוימען. מיינע הייליגע האָפנונגען, מיין רעכט צו לעבען, צו ליעבען און צו געניסען? זאָל מיין לעצטעס וואָרט זיין אַ קלאַגע געגען דער וואַהנזיניגער, ברוטאַליזירער געזעלשאַפט, וועלכע טראַמפּעלט מיט די פיס אַלעס מענשליכעס, נאָבעלעס, און עהרליכעס? ניין! מיין לעצטעס וואָרט וועט ניט זיין קיין קלאַגע, ווייל פלוכען און קלאָגען געהערט צו דער פערשקלאַפטער געגענוואַרט; איך אָבער וואר אימער מיט מיין הארץ, מיט מיין יעדען געדאַנק אַ קינד פון דער צוקונפט, פון דער פרייער גאָלדענער צוקונפט.

ניין! מיין לעצטעס וואָרט צו דער היפּאָקריטישער וועלט וועט זיין אַ נבואה.

איך שטאַרב, אָבער דער פרייהייטסגייסט, דער גייסט, וועלכער איז געוועזען מיין גאַנצער פריינד, מיין איינציגע טרייסט—בלייבט לעבען! איהם קענט איהר ניט טרייבען צו זעלבסטמאָרד. איהם קענט איהר אויך ניט מאָרדען; ער וועט לעבען און וועט אייך בעקעמפּפען. ער וועט צוברעכען זיין פלאַמענדע שווערד אָן די טראָהנען פון הערשאַפט און וועט זיי פערניכטען. ער וועט צושמעטערען די קייטען, וועלכע האָבען צוגעשמידט מיליאָנען מענשען צו אָרמוטה און אונערטרעגליכע ליידען. דיעזער שטורם איז נאָהענט! אָבער נאָך דיעזען שטורם וועט קומען אַ פיינער, שטילער, פרידליכער זונענטאָג. די פריהלינגס־בלומען וועלען בילדען אַ פּראַכטפאָלען קראַנץ פאַר דער בעפרייטער מענשהייט. דיעזער הייליגער בלומענקראַנץ וועט אויך פאַלען אויף דעם עלענדען גראב פון דעם

זעלבסטמערדער, ווייל אויך ער איז געשטאָרבען ליעבענדיג, פריי־הייט און זאָנענשיין.

דער זייגער שלאָגט דריי; די זילבערנע שטראהלען פון דער בלאסער לבנה שפּיעלען אויף דער שטאָהלענער הענטעל פון מיין רעוואָלווער. ציטער ניט מיין האנד! פון לעבען צום טויט איז נאָר איין רגע רייזע!



# דער קאר קאנדוקטאר

## (ברויט און עהרע)

עדוואַרד ראָבין איז געוועזן אַ קאַר קאָנדוקטאָר. ער וואר אַ מאַן פון אַ יאָהר 30, שעהן, שטאַרק און געזונד. ער וואר בעליעבט פון זיינע קאמעראַדען, ווי אויך פון דער קאָמפּאַניע, וועלכע ער וואר בעקאַנט אַלס טרייער ארבייטער און אָרענטליכער מענש.

עדוואַרד ראָבין איז געוועזן פערהייראַטה און האָט געהאַט 5 קינדער. ער האָט געלעבט אָרעם, ווייל די ווייַדזשעס, וועלכע ער האָט בעקומען, זיינען געוועזן קוים גענוג צו ערהאַלטען אַ זעהר בעשיידענעם לעבען פון אַזאַ גרויסע פאַמיליע. דאָך אַזוי לאַנג, ווי אַלע זיינען געוועזן געזונד; אַזוי לאַנג, ווי זיין פרוי, מערי, האָט געקענט, מיט איהר שווערער ארבייט, העלפען דעם מאַן אום צו ערהאַלטען די אָרעמע פאַמיליע, וואַר נאָך דער לעבען ווי עס איז ער טרעגליך.

עס זיינען אָבער געקומען שווערע צייטען, די קינדער האָבען אָנגעפאַנגען קראַנק צו ווערען, די מוטער זעלבסט האָט אויך גע־ברויכט אַ דאָקטאָר, ווייל איהר געזונד וואר אונטערגעגראָבען פון אונערמיעדליכע ארבייט און שלעכטע נאַהרונג.

דער לעבען פון אָרעמען קאָנדוקטאָר איז געוואָרען, פון צייט צו צייט, שווערער און אונערטרעגליכער. מיעד, צובראָכען פלעגט ער קומען אהיים פון זיין ארבייט. די קראַנקע קינדער האָבען גע־וויינט און געשריען. די קראַנקע פרוי, בלאַס און שוואַך, האָט זיך קוים ארומגעשלעפּט איבער'ן אָרעמען צימער עס האָט געפעהלט ברויט, עס האָט געפעהלט מעדיצין, — עס האָט געפעהלט געלד. מען האָט איבעראל שוין געליהען און געבאָרגט. דעם לענדלאָרד

